# אין קינדערלאנד

פון

לאה קאפילאוויטש האפמאן

ב י ל ד ע ר

פון

א. וואָלקאָוויטש

און

יואל לעווית



פארלאג „לעבען"

1919



צו נח שטיינבערג

ווענען איך ווידמע מיין בוך.

דו האָסט מיר געגעבען דעם רודער אין האַנד,
און האָסט מיך געלערענט צו שיפען;
און איצט, אַז איך בין שוין אין זוניגען לאַנד,
אַ דאַנק דיר פון האַרצען פון טיפען.

ל. ק.

# אַ פּאָר ווערטער וועגען דער ערשטער זאמלונג קינדער־ליעדער, אין דער אידישער ליטעראטור.

פון אברהם רייזען.

אויב די מיינונג פון אונזערע מאַנכע „קריטיקער“ וועגען דער אָרימקייט פון דער אידישער ליטעראטור איז אין אַ געווויסער מאָס איבערגעטריעבען, מוזען מיר אבער צוגעבען, אַז אין איין געביעט אין דער אידישער ליטעראטור הערשט ווירקליך א גרויסע אָרימקייט. ווען מיר האָבען שוין פאר אונזערע „גרויסע“ לעזער אזוינע וויכטיגע, און זאָגאר שווערע ביכער ווי „קאַפּיטאַל“ פון מארקס, פעהלט נאָך אין דער אידישער ליטעראטור דאָס בוך אָדער דאָס ביכעל פאר דאָס קינד.

די אידישע קינדער וועלען זיך דערפאר ווירקליך דערפרעהען מיט דער מתנה, וואָס דער פערלעגער טראָגט זיי איצט צו: די זאמלונג פון די וואונדערבאַרע קינדער־ליעדער פון דער טאַלאַנטפאָלער דיכטערין ל א ה ק א פ ע ל אַ ו ו י ט ש.

ביז אהער האָבען זיך מיט לאה קאפּעלאָוויטש׳עס ליעדער געפרעהט און זיך געקוויקט די דערוואקסענע. ווי נאָר די ערשטע ליעדער איהרע האָבען זיך בעוויזען אויף די שפּאַלטען פון דער אידישער פּרעסע (איבעריגענס, ניט גאָר קיין פאַסיגער פלאַץ פאר קינדער־ליעדער,) גאָר אָהן דער הילף פון פערשיעדענע קריטיקער און „אויסשרייער“, איז איהר יעדעס נייעס ליעד אויפגעכאַפּט געוואָרען פון די גרויסע לעזער מיט דער העכסטער בעגייסטערונג. אין ליטעראַרישע קרייזען האָט לאה קאפּעלאָוויטש׳עס נייער אָרט שאַפען, אַרויסגערופען זאָגאר א סענסאַציע.

ערשט איצט וועלען די לידער גרייכען צו זייער ריכ־טיגען אָרט, צו די הערצער פון די אידישע קינדער, וועלכע האָבען, כאָטש אונבעוואוסט, זיכער געגאַרט נאָך זייער דיכטער.

די קינדער־לידער פון לאה קאפּעלאָוויטש וועלען בכלל דיענען אלס לעבעדיגער פּראָטעסט קעגען די כלומרשט נאַ־טירליכע מעטאָדען פון אונזערע אלערליי ערציהער, וואָס האָ־בען בשוגג צו במזיד געזוכט צו פערקריפּלען דעם גייסט פון אידישען קינד מיט אלערליי הימלישע מעשה'לעך און דער־צו נאָך ניט אויף זיין מוטער־שפּראַך, און האָט אויך אזא אופן דאָס קינד אָבגעריסען פון דער ערד און פון אלץ, וואָס רינגעלט איהם ארום.

לאה קאפּעלאָוויטש פיהרט אריין די קינדער אין זייער אייגענער סביבה. זיי בעגעגענען זיך אין די לידער מיט זייערע חברים, חבר'טעס, מיט זייערע שפּיעלצייגען, און זיי געפינען דאָרט זייערע אידעאלען, חלומות, האָפענונגען און אמאָל אויך זייערע ענטוישונגען.

און אזוי ווי, פילאָזאָפיש גענומען, זיינען מיר אלע קינ־דער, דערפאר בעזיצען לאה קאפּעלאָוויטש'עס לידער אַ גרויסע אנציהונגס־קראפט אויך פאר דערוואקסענע לעזער. אין דעם ליעד „פאר צוויי פּענים", וואָס איז אַן און פאר זיך א מייסטערווערק, לויט דעם אינהאלט און פאָרם, פאַנטאַזירט א קינד ביי א שוי־פענסטער פון שפּיעלצייג. אָט וועט ער קויפען א הויז, אָט וויל ער אַן אאויטאָמאָביל, און אָט דער־זעהט ער א שיף. טרוימען מיר ניט דאָס זעלבע מיט א גרע־סערער סומע אין טאַש?

מיר האָבען אָלס מוסטער גענומען דאָס ליעד „פאר צוויי פּענים", ווייל עס איז כאראַקטעריסטיש פאר דער דיכ־טערינס שאַפען בכלל; אָבער אַלע לידער, מיט אַן אויסנאַהמע

פון איינציגע, עכט קינדערשע, זיינען פול מיט לעבענס־ווייז־
הייט און מיט טיעפער פערשטענדעניש פאר'ן לעבען פון
מענשען בכלל און קינדער בפרט.

אויסער דעם, זיינען די ליעדער דורכגעדרונגען מיט
טיעפער ליעבע צו מענשען און צו אלין, וואס לעבט אויף
דער ערד, און ביי אונזער דיכטערין לעבט ווירקליך אלין,
אפילו די הילצערנע סאלדאטעלעך און די טרומייטעלעך מיט
וואס דאס קינד שפיעלט זיך ביי טאג. אז די מיידעלשע
ליאלקע לעבט, דערפון איז שוין אבגערעדט. די ליאלקע ווערט
קראנק, די ליאלקע לאכט און וויינט, די ליאלקע קען אפילו
זיין אומעטיג אדער פרעהליך.

א דאנק דיעזע סימבאלישע אייגענשאפטען, וואס די
דיכטערין האט אריינגעגעבען, (נאטירליך, אונבעוואוסט, ווי
יעדער בעדייטענדער דיכטער טהוט עס,) אין איהרע קינדער־
ליעדער, ווערט זייער ווערט אויך גרויס אלס אריגינעלע
שעפפונג אין דער אידישער ליטעראטור, און ווען דער פאטער
וועט די דאזיגע זאמלונג „די קינדער־ליעדער" קויפען אלס
א מתנה פאר זיין קינד, (און דאס וועט זיין אן אנגעלעגטע
מתנה) וועט ער אליין אויך ביים לייענען די ליעדער, זיך
פערטראכטען און זיך דערמאנען אן זיין קינדהייט, אין וועל־
כער די טאלאנטפולע דיכטערין לאה קאפילאוויטש האט איהם
אריינגעפיהרט מיט איהר געפלינגעלטער פאנטאזיע...

## צו דער באָבען

אברהם רייזענ׳ען — א מתנה.

„מאַמע איז אַוועק פון הויז,
קומט אַריין אין קיך,
און אַ שיף פון בענקעלעך,
לאָמיר מאַכען גיך.

וועלען מיר זיך זעצען באַלד,
אויף די נייע שיף;
פאָהרען צו דער באָבעניו
איבער ים׳ן טיעף.

„שטעלט אוים אַלע בענקעלעך,
אין אַ לאַנגע רייה;
לייגט אַרויף די קישעלעך,
זעצט זיך אוים אויף זיי.

„איך וועל זיין דער קאַפּיטאַן,
שטעהען דאָ אין דער הויך;
צינד-זשע אָן אַ שטעקעלע,
וועט עס געהן אַ רויך.“

גיט דער קאַפּיטאַן אַ פּייף,
וואַרפט עס אָן אַ שרעק;
איילען זיך די קינדערלעך;
ס׳וועט די שיף אַוועק.

„וואַרט אַ קליינע ווײַלינקע,
לאָז די שיף ניט גײן,
ס׳וועט דאָך ווײנען ליאַלקעלע,
ווען זי בלײַבט אַליין!“

גיט אַ קלונג דער קאַפּיטאַן,
ווערט דער טומעל גרויס.
זעצט זיך בתיה שנעל, מיט איהר
ליאַלקעלע אין שויס.

חנה זוכט איהר קעצעלע
אונטער מאַמע׳ס בעט:
„כ׳מוז דיך מיטנעהמען מיט מיר,
קום אַרויס, ס׳איז שפּעט!

„ס׳וועט די שיף אַוועקגעהן באַלד,
בלייבסט אַליין אין הויז!“
„מיאו, מיאו, מיאו“, זאָגט קעצעלע
און זי געהט אַרויס.

ווײ׳נען אַלע צוגעגרייט,
פאָהרט מען ווייט אַוועק.
איז די שיף געלאָדען שוין,
פול מיט גרויסע פּעק.

„לינג, לינג, לינג, לאַנג, לאַנג, לאַנג!
אַלע זיצען שוין?
זיצט זשע רוהי׳ג, דען די שיף
קען נאָך אונטערגעהן...“

זיצען אַלע קינדערלעך,
קוקענדיג פאַראויס.
און זיי שרייען: „גיכער, גיך,
צו דער באָבע׳ס הויז!“

„לינג, לינג, לינג, לאַנג, לאַנג, לאַנג!
און עס געהט די שיף.
„בויגט זיך ניט אַריבער, ווייל
ס׳איז דאָס וואַסער טיף!...“

קלינגט און פייפט דער קאַפּיטאַן,
און די שיף געהט שנעל,
זיינען מיר געקומען שוין,
צו דער באָבע׳ס שוועל.

„באָבע איז אין הויז ניטאָ,
פאָהרען מיר צוריק;
האָבען מיר צופאָהרען איצט,
גאָר אַ גרויסע שטיק...

„לינג, לינג, לינג, לאַנג, לאַנג, לאַנג!
ס׳איז שוין באַלד ניט ווייט;
מיר דער מאַמען ניט געזעהן,
שוין אַ לאַנגע צייט...

„זיינען מיר שוין אין דער היים,
געהט אַראָב פון שיף;
לאָמיר נעהמען שטעקעלעך,
לאָמיר שרייבען בריעף...“

## מיין שיפעל

אַז די מאַמע לייגט מיך שלאָפען
אין מיין וויעגעלע,
וויעגט זי מיך, און זינגט אַ ליעדעל
מיט אַ ציגעלע.

ווערט מיין וויעגעלע אַ שיפעל:
פאָהר איך ווייט אַוועק
אויפ׳ן גרויסען ים, און קען ניט
קומען צו קיין ברעג.

און די כוואַליעס אויפ׳ן וואַסער
לויפען מיט געשריי;
הויבט זיך אויף מיין קליינע שיפעל
גלייך אַריבער זיי.

קומען ים-פיש באַלד צו שווימען,
ווינקען זיי צו מיר:
אַז איך זאָל צו זייער פּאַלאַץ
נעהמען אַ שפּאַציר,

דען זיי האָבען שעהנע צאצקעס
דאָרט אין וואַסער טיף.
אָבער איך האָב פיינט די ים-פיש
לויף איך מיט מיין שיף.

פליהט מיין שיפעל אויפ׳ן וואַסער,
פיהרט מיך צו אַ לאַנד,
וואו עס זיצט מיין גוטע מאַמע,
מיט אַ בוך אין האַנד.

שטעלט זיך אָב מיין שיפעל, געה איך
באַלד פון איהר אַרויס;
בין איך ווידער לעבען מאַמען,
זעץ זיך אויף איהר שויס.



אויף אַ שטעקען

שטיל, דער מאַמען ניט צו וועקען,
נעהם איך אונזער לאַנגען שטעקען;
זעץ איך זיך אויף איהם און רייט.
וועל איך פאָהרען דורך די וועלדער,
צו די שטיבלאך אויף די פעלדער
ערגיץ זעהר, זעהר, ווייט.

כ׳בין אַ קאָזאַק איצט געוואָרען,
קען איך פונקט ווי גרויסע פאָהרען;
שפרינגט מיין פערד, האָפּ! האָפּ!
כ׳האָב דעם בעסטען פערד געקראָגען,
קען ער לויפען און מיך טראָגען;
איבער בערג אַרויף, אַראָב.

וועל איך מיט מיין פערד באלד קומען,
אין אַ לאַנד פון געלע בלומען;
מאַמע זאָגט אַז דאָס איז ברויט.
צוקערלעך וואקסט דאָרט אויף צווייגען,
מאַמע זאָגט דאָס זיינען פייגען;
און די זון איז דאָרטען רויט.

דאָרטען ווערט די זון געבאָרען,
נעהמט זי אויפ׳ן הימעל פאָהרען,
אין אַ וואָלקען קאַראַוואַן.
אויסגעפוצט איז זי אין שפיזען,
פאָהרט זי מיט די וואָלקען-ריזען
אין איהר גאָלדענעם געשפאַן.

שנעל! מיין פערד, מיר מוזען לויפען,
איבער דערפער, איבער הויפען:
האָפּ, האָפּ! שנעלער, האָפּ! האָפּ! האָפּ!

— — — — — — — — — — — — — — — —

„שאַ, וואו ביזטו דאָס געלאָפען?
לאָזט דער מאַמען גאָר ניט שלאָפען:
שטילער ס׳טהוט מיר וועה דער קאָפּ.“

איך האָב ניט געוואָלט דיך וועקען,
ס׳איז געלאָפען בלויז מיין שטעקען:
זעהסט? איך וואַרף איהם שוין אַרויס.
מעהר וועל איך איהם שוין ניט שפּאַנען,
און איך געה אַרויס פון דאַנען,
שפּיעלען אין דער טאַנטעס הויז.

אויף אַ שליטעלע

שטעהען דאָרטען אינגעלעך,
טאַנצען זיי אין רינגעלעך,
און זיי מאַכען מענשעלעך פון שניי;
פרעהליך וואָלט איך פיהלען זיך,
מיט זיי דאָרט צו שפּיעלען זיך,
נאָר איך פאָהר צו באבען, ניט צו זיי!

אין אַ ווארים היטעלע,
אויף אַ נייעם שליטעלע,
פאָהר איך אום אין שניי די גאַנצע צייט;
באַרג ארויף און באַרג אַראָב,
שטעלט מיין שליטעל זיך ניט אָב,
און איך פאָהר צו באָבען, זעהר ווייט!

כ׳פאָהר צו חנה עטעלע,
דאָרטען ווייט אין שטעדטעלע;
און איך האָב דאָך טשאָקאָלאד פאר איהר;
דאָרטען וואוינט די באָבע אויך,
אויף אַ בערגעל אין דער הויך.
אוי, וועט באָבע פרעהען זיך מיט מיר!...

טרובעצקעס

שעהנע קליינע טרובעצקעס
האָט מען אונז געבראכט;
האָבען מיר געשפּיעלט דערמיט,
טרו, טרו, טרו! געמאַכט.
ביז עס איז געוואָרען נאַכט,
מאַמע זאָגט ס׳איז שפּעט;
נעהמען מיר די טרובעצקעס
מיט, מיט זיך אין בעט.

מאַמע נעהמט די טרובעצקעס
פונ׳ם בעט אַרוים;
שטעלט זיי אויפ׳ן פּאָליצע
אין אַ רייהע אוים.
— מאַמע, גיב מיין טרובעצקע —
בעט איך זיך ביי איהר.
געהט זי אינ׳ם צווייטען שטוב,
און פערמאַכט די טהיר.

ווייל איך דאַך מיין טרובעצקע,
האָבען לעבען מיר;
ציה איך זיך צום פּאָליצע,
זעה זיי אַלע פיער.
און דערלאנגען קען איך ניט.
ווייל איך בין צו קליין,
לייג איך זיך אין בעט אריין,
און איך וויין און וויין.

קומט דער שלאָף און זאָגט צו מיר:
„לייבעלע, קוק אָן!
אַלע טרובעצקעס צושטעלט,
סאַמע אויבען אָן!"
זיינען זיי גאָר מענשעלעך,
שטרעקען אוים די הענד...
שפּרינגען פון דער פּאָליצע
אויף די גלייכע ווענד.

קריכען מיט די דינע פים,
אויף דער ערד אַראָב:
נעהמען זיי זיך פאר די הענד,
שפּרינגען אין גאַלאָפּ.
מיט די רונדע אויגעלעך,
ווינקען זיי צו מיר:
שאָקלען מיט די קעפּעלעך,
שפּרינגענדיג צום טהיר.

קליאמקע וויל ניט עפענען,
שטעקט ארוים אַ צונג,
גיט מ י י ן שעהנע טרובעצקע
גאָר אַ הויכען שפּרונג,
גיט די גרויסע טהיר אַ פּראל,
שלאָגט זיי אָפּ די קעפּ,
געהען זיי פון טהיר אַרוים,
טאַנצען פון די טרעפּ.

געה איך מיר פון בעט אראָב,
נאָך צו געהן נאָך זיי.
פיהרען זיי מיך, ווייזען מיר,
וועגען אַלערליי.
שפרינגענדיג און זינגענדיג,
זיינען מיר אַוועק
אין אַ וואַלד א פינסטערען,
פול מיט נאַכט און שרעק.

האָב איך מורא דאָ צו זיין,
וויל צו מאַמען געהן;
ווייס איך ניט דעם וועג אין וואַלד,
שטעה איך און איך וויין.
דרעהען זיך די טרובעצקעס,
שרייען טרו, טרו, טרו!
און זיי מאַכען שפאס פון מיר:
„נאַריש אינגעל, דו!“

און די בוימער שטעכען מיך
אין די קאַלטע הענד.
אַז איך וואָלט געווען אַ גאָט,
וואָלט איך זיי פערברענט!
זיי פארפיהרען מיך אין וואַלד,
לאָזען ניט אַרויס;
אַלצדינג מעגען זיי מיר טהאָן,
אַז זיי זיינען גרויס?

און די שלעכטע טרובעצקעס,
כאַפּען מיך אַרום,
אויף די האַרטע קאַלטע ערד,
וואַרפען זיי מיך אום.
— מאַמע! — גיב איך אַ געשריי...
ציטערנדיג פון שרעק. —
האָט מיין שלאָף דערשראָקען זיך,
און ער איז אַוועק.

זעה איך, אַז איך בין אין הויז,
שוין, נישטאָ קיין וואַלד.
„מאַמע!“ שריי איך ווידער אויס,
קומט זי צו מיר באַלד.
ליג איך אין אַ ווארים בעט,
און עס איז מיר ווייך.

— — — — — — — — — — — — — — —

אמת׳דיגע טרובעצקעס,
שטעהען אין דער הויך.

## די ליאלקע איז קראנק

גערען וואָלט איך זיך געשפּיעלט,
נאָר איך קען מיט דיר ניט געהן;
ס׳איז מיין ליאלקע שטאַרק פערקיהלט,
כ׳קען ניט לאָזען איהר אַליין.

שלאָפען לאָזט זי ניט ביי נאַכט,
וויינט, און נאָר זי הוסט און הוסט:
כ׳האָב איהר אַ קאָמפּרעס געמאַכט
און געגעבען איהר די ברוסט.

זייגען נעהמט זי ניט אַ האָהר,
כ׳ווייס ניט וואָס מיט איהר צו טהאָן;
אפשר האָט זי מאָזלען גאָר
אָדער ס׳שניידט זיך איהר אַ צאָהן?

מוז איך איצט צום דאָקטאָר געהן,
זעהסט? ס׳איז מיינע צרות גרויס...
כ׳קען ניט לאָזען איהר אַליין,
זיי-זשע דו מיט איהר אין הויז.

זיי געזונד, מיין שעהנע קינד,
איך וועל קומען באַלד צוריק.
ס׳איז אין דרויסען אַזאַ ווינד,
און כ׳דארף געהן אַ גרויסע שטיק...

שוין, דער דאָקטאָר איז שוין דאָ,
אונזער הערשעל עדעלשטיין;
כ׳האָב געזוכט אין גאס אַ שעה,
ביז איך האָב איהם דאָרט דערזעהן.

דאָרט ליגט ליאלקע אין איהר וויעג,
גיב אַ גוטע מעדיצין!
זעהסט, ווי זי איז אומעדיג?
וואס זאָגסטו, צוויי גראַן כינין?

ב׳ברענג עס באַלד אַהער אַריין,
נאָ, איך האָב עס שוין געבראכט;
גיב עס פאָרזיכטיג איהר איין
וועט זי זיין געזונד ביי נאַכט.
וויפיעל קאָסט, אַ דאָלער, צוויי?
נא, איך האָב פאפיר געלד בלויז...

---

אויב ס׳וועט מאָרגען זיין אַ שניי
נעהם דיין שליטעלע אַרויס...

## דבורה׳לעס קינד

דבורה׳לעס קינד, איז
אָ פלעשעל פון שמאַנט;
פערוויקעלט זי עס, אין
אַ בלויען געוואַנט.

און טוליעט עס צו, צו
איהר פלאַכינקע ברוסט;
„עס קען זיך פערקיהלען
און קריגען אַ הוסט.“

דבורה׳לע דאַרף דאָך
באַלד איינקויפען געהן,
נאָר ווי קען זי לאָזען
איהר „בייבי“ אַליין?

פערוויעגט זי איהר קינד, אין
איהר קליינינקען שויס;
און וואַרט ביז דאָס פלעשעל
וועט אויסוואַקסען גרויס...

קומט חנה די שוועסטער
פון „אָפיס“, און לאַכט:
„דבורה׳לע, זעה נאָר
וואָס דו האָסט געמאַכט!

„דו האָסט דאָך פערשמירט די
שטיק בלויע געוואַנט,
אנו, לאָז מיר זעהן וואָס
דו האָסט דאָ אין האַנט?“

„דאָס איז דאָך מײַן „בייבי“,
זי וויינט ביי מיר שטאַרק;
איך וויקעל איהר איין, און
איך נעהם איהר אין פּארק“.

לאַכט ווידער די שוועסטער
און זאָגט: „לאָמיר זעהן,
דיין קינד האָט דען פּיסלאַך?
מיט וואָס וועט עס געהן?“

„ס'האָט פּיסלאַך, אודאי,
דו זעהסט? אָט-א-דאָ“:
(זי ווייזט אויפ'ן פלעשעל
ביים ברייטליכען דנאָ).

„און וואָס קען דיין „בייבי“
אָהן הענטעלאך טהאָן?“
„אָט האָט עס דאָך הענטלאך!“
און באַלד ווייזט זי אָן

ביי'ם רונדיגען פלעשעל,
מיט גלעזערנע ווענט:
„אָט איז עס דאָך! הנה,
דו זעהסט ניט די הענד?“

„איך זעה ניט“, זאָגט חנה.
נאָר דבורה'לע זעהט...
אַז חנה זאָל זעהן, איז
מסתמא צו-שפּעט...

## כ׳האָב עס ניט געטהאָן

1.

האָט דער פּאַפּאַ איינגעפלאנצט
בלימעלעך אין הויף;
גיס איך וואסער אַלע טאָג,
און זיי וואקסען אויף.

איך און זעלדע וואקסען מיר,
גאָר אָהן וואַסער אויס,
און מיר זיינען ביידע שוין,
ביז׳ן טיש די גרויס.

ווי די מאַמע רעד איך שוין,
לויפען קען איך גיך;
זעלדע געהט שוין אויך אַרום,
אָבער ניט ווי איך.

אַז איך נעהם איהר ביי דער האַנד,
געהט זי מיט, מיט מיר;
זי פערשטעהט שוין וואָס איך זאָג,
שפּיעל איך זיך מיט איהר.

2.

אַז די טהיר איז אויפגעמאַכט,
מעג זי אָפען שטעהן;
גיט די מאַמע אָבעסען,
קענען מיר שוין געהן.

נעהם איך זעלדען, געהען מיר
אין דעם הויף ארוים.
„טאַטע מאַמע“, שפּיעלען מיר,
מאַכען מיר אַ הויז.

ווייזט מיר זעלדע, מיט איהר האַנד,
ס׳וועגעלע אין הויף;
נעהם איך און איך פיהר איהר צו,
זעץ איהר דאָרט אַרויף.

באַלד גיט זעלדע אַ געשריי,
ס׳וועגעלע פאלט אום;
אַז איך האָב גאָר ניט געזעהן,
ס׳איז געשטאַנען קרום.

זאָג איך: וואַרט, אָט געה איך באַלד,
און איך הייב דיך אויף;
זעה איך ווי די מאַמע געהט,
כאַפּ איך און אַנטלויף.

לויפט די מאַמע, נאָך נאָך מיר,
און זי כאַפּט מיך אָן;
שריי איך: מאַמע, שלאָג מיך ניט!
כ׳האָב עס ניט געטהאָן!

און די מאַמע שלאָגט מיך שטאַרק,
און איך שריי, און שריי;
וויל די מאַמע שלאָגען מיך,
שלאָגט זי סיי ווי סיי...

## די קליינע נעהטאָרין

כ׳נעה און ס׳נעהט זיך אַלץ ניט צו,
אַי, מען דארף אַ קניפּעל מאַכען:
ווארט אַ ווײלע וועסטו זעהן,
וואָס איך מאַך פאר שעהנע זאכען.

אלצדינג קען איך טהאָן אין הויז,
העלף איך אַלע מאָל דער מאַמען;
אַז זי קעהרט די קאַמער אויס,
קלייב איך די פּאפּיר צוזאמען.

אז זי וואַשט אָב די געפעס,
נעהם איך מיט אַ האַנטוך ווישען;
דארף זי אויסבעטען די בעט,
העלף איך טראָגען איהר די קישען.

אָט אַזוי העלף איך איהר אלץ,
בין איך ניט אַ גוטע מיידעל?
נעהען קען איך אויך, דו זעהסט?
נעה איך זיך אַ נייע קליידעל.

זעהסט די קליינע שטיקעלעך?
כ׳קלייב ביי עטלען זיי צוזאמען.
גרויסע שטיקער האָט זי אויך,
דען זי נעהט אַ קלייד דער מאַמען.

אי, וואָלט איך געוואָלט אַ קלייד
פון אַזעלכע שטיקלעך טראָגן;
כ׳האָב אַ גרויסע שטיק דאָ אויך,
זעהסט? זאָלסט עטלעך דאָס ניט זאָגן!

כ׳דארף עס פארטיג מאַכען שנעל,
ביז עס וועט די מאַמע קומען;
מאַמע וועט זיך וואונדערען
וואו איך האָב אַ קלייד גענומען...

---

די מומע זעלדע

הענד אויף מיינע אויגעלעך,
אַ שטימע הינטער מיר:
זאָג, ווער איז דאָס, מאָטעלע,
וואָס שטעהט דאָ הינטער דיר?

כ׳ווייס ניט, מומע זעלדעניו,
דו האָסט דאָך מיר פערבלענדט!
ווי-זשע קען איך וויסען אַז
דו נעהמסט ניט צו די הענד?

דאָס הויז געזינד

אויסגעבאָדעןביידע ליאַלקעס,
און דעם טעדי בער;
דאַרף מען נאָך די וועש אויסוואַשען,
האַרעוועון מיר שווער.

אסתר ברענגט די ליאַלקעס קליידלעך,
ברענג איך זייף אַ שטיק
וואַשען מיר די ליאַלקעס זאַכען,
הענגען זיי אויף שטריק.

אַלע קליידלעך אויפגעהאַנגען,
טריקענען זיי זיך;
ס׳ווערען אָבער ליאַלקעס קליידלעך,
שמוציג זעהר גיך.

איך האָב ליעב, אַז מיינע ליאַלקעס,
זאָלען אויסזעהן שעהן;
דאַרף איך אַלע ווײַלע וואַשען,
און זיי האַלטען ריין.

כ׳האָב צוויי ליאַלקעס און אַ קעצעל,
און אַ טעדי בער,
העלפט מיר אסתר זיין אַ מאַמע,
איז מיר אַלץ נאָך שווער.

איצטער דארף איך קאָכען מיטאג,
און איך ווייס ניט וואָס;
מאַכען אפשר זאמד קאָטלעטען,
מיט א בארשט פון גראָז?

יא, דאָס האָבען ליעב די ליאַלקעס,
און דאָס איז ניט שווער;
גיכער אסתר! רייס אָן גראָזען,
ברענג זיי באַלד אַהער.

ס'וועט דער מיטאג באַלד זיין פארטיג,
זעץ די קינדער אוים;
געה זוך אוים אין הויז דאָס קעצעל,
פיהר איהר דאָ אַרוים.

גראזען-באָרשט, און זאמד-קאָטלעטען,
איז די בעסטע זאך;
טעדי וועט דאָס מוזען עסען,
ער איז נעבעך שוואך."

— — — — — — — — — — — — — — — —

זיצען אַלע שוין ביים מיטאג,
הונגעריגערהייד;
און די מאַמעס גיבען עסען,
שיינענדיג פון פרייד.

זאט צופריעדען זיצט ביים טישעל
יעדע ליאלקע-קינד;
שיינט די זון אראָב פון הימעל,
אויף דאָס הויז-געזינד...

## מאַמעניו ניט וויין

1.

אסעלע, די קליינינקע,
קען עס ניט פערשטעהן,
וואָס עס וויינט די מאַמעניו,
ווען זי בלייבט אַליין.

„נאַ דיר מאַמע ס׳ניסעלע,
וויין זשע שוין ניט מעהר.“ —
און אויף אסע׳ס פיסעלע
טריפט די מאַמע׳ס טרעהר.

ווישט זי מיט אַ טיכעלע
איהרע אויגען אויס,
נעהמט זי ניט דאָס ניסעלע,
נאַר דאָס קינד אין שויס.

„ווילסטו ניט דאָס ניסעלע
האָב איך גאַר פאר דיר,
אַזאַ שעהנעם מענשעלע
אויף אַ שטיק פאַפיער.

„פאַפאַ האָט עס אויסגעמאַכט
האָב אַליין געזעהן.
מאַמע, וואו איז פאַ אַוועק,
קומט ער באַלד צוגעהן?

— — — — — — — — — — — — — —

2.

„וואַסזשע וויינסטו ווידער מאַמע?
זאָגסט מיר גאָר ניט אױס.
וואו עס געהט אַוועק דער פּאַפּאַ
אַלע טאָג פון הויז.

„ב׳גיב דיר אַלע מיינע זאַכען,
מאַמעניו ניט וויין,
וועלען מיר א שפּיעל זיך מאַכען
יועט זיין זעהר שעהן.

„איך וועל היינט גאָר זיין די מאַמע,
אָנטהאָן זיך דיין קלייד,
קאָכען, באַקען, וואַשען, ראמען,
וויינען שטילערהייד...

„פּאַפּאַ קומען, ער מיך זוכען
דאָרט אונטער׳ן בעט,
איך בין אויך אַוועק די זאַגען,
און איך קומען שפּעט״...



## פייער

אז מיין מאַמע האָט געשריבען,
און זי איז געווען פערקלערט,
בין איך צו צום אויווען קוקען
וואָס פון שווארצע קוילען ווערט.

זיינען אינ׳ם הייסען אויווען
אַלע קוילען רויט געווען,
און אַזוינע בלויע פלעמלעך
האָב איך דאָרטען אויך געזעהן,

אַז די שווארצע קוילען קענען
ווערען אינ׳ם אויווען שעהן,
ווי וואָלט נאָך מיין נייע קליידעל
אינ׳ם אויווען אויסגעזעהן?

זוך איך אויס מיין נייע קליידעל,
וואַרף עס באַלד אין פלאם אַריין,
און פאר שמחה נעהם איך טאַנצען:
אוי, ווי שעהן מיין קלייד וועט זיין!

צו אַ שעהנע, רויטע קליידעל
דאַרף איך האָבען רויטע שיך:
האָב איך מיינע שיך אין פייער
אויך געלאָזט אַ ברען טהאָן זיך.

ס׳איז געוועזן שעהן צו קוקען,
ווי מיין נייע קליידעל ברענט.
ס׳האָבען פלאמען פונם אויווען
שעהן בעלויכטען אַלע ווענט.

האָט די מאַמע זיך דערשראָקען:
„וואָס האָסטו פערברענט? זאָג אוים!“
זאָג איך: „גאָר נישט, ס׳איז די שיכלעך
און דאָס נייע קליידעל בלויז.“
— — — — — — — — — — — — — — —
איצטער האָט איך ניט מיין קליידעל,
ס׳איז אַוועק, איך וויים ניט וואו...
און מיט פייער שפיעל איך מעהר ניט,
אַלצדינג נעהמט דאָס פייער צו...

## אויפ׳ן וועג פון די נעכט צו די טעג

בײַ טאָג ווען איך עס, און
איך שפּיעל זיך באַזאַכט;
קומט אויפ׳ן הימעל
צו פאָהרען די נאַכט.
בײַ נאַכט, אַז איך שלאָף אין
מײַן בעטעלע אײַן,
פיהרט זי מיר גלײַך אין
דעם טאָג לאַנד אַרײַן.
נאָר מאַנכעסמאָל בלאַנדזשע
איך אום אויפ׳ן וועג
און איך פאָהר מיר פאַרבײַ
שעהנע זוניגע טעג.

דאָרט הויב איך זיך אויף, און
איך פליה אין דער הויך;
ליאַלקע קען פליהען
און קעצעלע אויך.
אַ פייגעלע רעדט דאָרט
צו מיר ווען זי פליהט,
זעה איך דאָרט זאַכען
וואָס דאָ זעה איך ניט.
כ׳האָב ליעב צו פערבלאָנדזשען
און בלײַבען אין וועג;
ווען איך פאָהר אין מײַן בעט
פון די נעכט צו די טעג...

# ווען קינדערלעך פערטראַכטען זיך

## פאר צוויי פענים

יעקב מארינאוו׳ז.

קלינגט עס אין מיין קעשענע:
כ׳האָב דאָך פענים צוויי;
געה איך מיר אין גאס אַרויס,
זעה איך קראָמען שטעלט מען אויס
שפּיעלצייג אַלערליי —
מיט דעם געלד אין קעשענע,
וואָס קויפט מען זיך פון זיי?

קוק איך אויף די צאַצקעלעך,
כ׳וועל אריין געהן גלייך;
קויפען וועל איך וואָס איך וויל,
ס׳איז דאָ זאכען זעהר פיעל,
און איך בין דאָך רייך.
קויף איך זיך דאָס שיפעלע
און מאַך זיך באַלד אַ טייך.

ניין, איך וועל נאָך אויסקלייבען,
אפשר גאָר די באַהן?
אָדער אָט די שעהנע מיהל,
דאָס איז טאַקע וואָס איך וויל.
אָבער ס׳איז פארהאן,
וועגעלעך גאָר שעהנינקע,
אין גאָלדענעם געשפּאַן.

קען איך פאָהרען קלינגענדיג,
איף דער גאַנצער שטאָדט,
וועלען מענשען בלייבען שטעהן,
קוקען ווי איך פאָהר אַליין.
און איף יעדען טראָט
וועלען זיי זיך וואונדערען:
„סאָ וועגעלע ער האָט!"

אָדער זאָל איך קויפען גאָר
אָט דעם גראמאפאָן?
אַז מען דרעהט איהם אָן איז שעהן,
ווי אַ טרובע זינגט אַליין.
כ'וויים דאָס ווי צו טהאָן.
ווען די מומע קומט צו אונז,
דאן שטעל איך איהם באַלד אָן.

אפשר גאָר דעם טעלעפאָן!
אָבקויפען פאר זיך?
נעהם איך איהם צום אויער צו,
פרעג איך: מאַמע, דאָס ביזטו?
זאָגט זי: „דאָס בין איך!"
און אַז איך וויל קויף איך גאָר
דעם גלעקעלען בער אין שיך!

אי, איך וועל גאָר אָבקויפען
יענעם „אָטאָביל“,
קען איך פאָהרען ווייט אַהין,
ביז עס ווערט דער דרויסען גרין,
אי, אַ שעהנער שפּיעל!
אָבער וועלכען קויפען זיך,
אַז ס׳איז דאָ אַזוי פיעל?

קויפען וואָלט איך גאָר געוואָלט,
יענע גרויסע שיף:
נעהם איך מאַמע׳ס רייזע טאַש,
גיס אָן מילך אַ פולע פלאַש,
פאָהר אויף ים׳ען טיף.
ביז איך פאָהר צום הימעל צו,
און שיק פון דאָרט אַ בריעף.

וועט די מאַמע זוכען מיך,
וואו קען זיין דאָס קינד?
און איך פליה די גאנצע צייט,
איבער ים׳ן ברייט און ווייט,
און איך יאָג דעם ווינד.
פאר׳ן פליגעל כאַפּ איך איהם,
און פליה מיט איהם געשווינד.

זעה איך דאָרטען, ווייט אין ים,
געהט די זון אריין.
דאָרטען נעכטיגט זי ביי נאַכט,
אין אַ בעט פון גאָלד געמאַכט,
און זי הילט זיך איין,
אין די שלייערס פון דער נאַכט,
און שלאָפט אין גאָלד און ווייַן.

אָבער ווען דער ווילדער ווינד
רייסט פון מיר זיך אויס,
פאל איך דאָך אין ים אַריין,
וויל איך אויף דעם ים ניט זיין,
קויף איך גאָר א הויז.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

זאָגט דער מאַן: „מען דארף נאָך געלד"
און כ'האָב צוויי פענים בלויז!...

## וואו וואוינט די זון?

אין וואלד צווישען בוימער
האָב איך די זון געזעהן:
זי איז געגאנגען שלאָפען,
עס איז פארנאַכט געווען.

און איין מאָל, איך דערמאָהן זיך,
איז זי אריין אין טהאָל;
און אויף אַ בארג אַ הויכען
איז זי ארויף אַמאָל.

כ׳האָב אויך געזעהען ווי זי איז
אַמאָל אין ים אַריין,
האָב איך געמיינט אויף זיכער
איהר היים מוז ד אָ ר ט ע ן זיין.

און איך האָב זיך געוואונדערט:
וואו קען זי וואוינען פאָרט,
אַז אימער געהט זי שלאָפען
אין גאָר א נייעם אָרט?...

## די לבנה

בײ נאַכט ווען איך הײב אויף
צום הימעל דעם קאָפּ,
קוקט די לבנה
אויף מיר גלײך אראָב.

און אימער אין אַוועגד
וואו איך געה אַרום,
געהט די לבנה
מיר נאָך אומעדום.

איך זעה איהר קײן מאָל ניט
זיך געבען קײן ריהר,
ווי אַזוי קען זי
דאָס נאָכגעהען נאָך מיר?...

---

## אין מילך גאַס

אין מילך גאַס פון הימעל,
האָט גאָט אויסגעמאַכט:
לעמפּעלעך קלײנע, וואָס
לײכטען בײ נאַכט.

זײ שטעהען ניט פונקט, ווי
בײ אונז אין אַ רײה:
נאָר ווי צושאָטענע,
בלישצענען זײ.

און ווער קען דאָרט וואוינען?...
ווער צינדט זײ דאָרט אַן...
ווער לעשט זײ אויס, בײ דעם
קרעה פון׳ם האָהן?...

## ווי אַזוי ווערט נאַכט?

ווי ווערט עס נאַכט?
איך טראַכט און איך טראַכט.
איך מיין אַז די נאַכט ווערט
אַזוי אַ געמאַכט:
דער רויך פון פאַבריקען,
קלייבט זיך צונויף,
שטייגט ער צום זוניגען
הימעל ארויף.

ווערט עס דערפון,
פערשטעלט אונזער זון;
דער הימעל דער בלויער
ווערט שוואַרץ ווי טשוגון.
און אז די לבנה
אין פענסטערל שיינט,
דאַרף איך געהן שלאָפען
ביז מאָרגען ווערט ה י י נ ט.

ב׳ווייס ניט וואָס האָט
געלאָזט אונזער גאָט,
מאַכען אַזוי פיעל
פאַבריקען אין שטאָדט,
אַז זיי זאָלען ברענגען
די נאַכט, ווען ס׳איז שפּעט,
און איך זאָל זיך דאַרפען
לייגען אין בעט...

## גאָט׳ס שפּיעלצייג

אוי ווי שעהן! אַ באָל פון פייער
הענגט דאָרט, וואו ס׳איז בלוי;
ווער האָט איהם אַהינגעוואָרפען, —
שפּיעלט דען גאָט אַזוי?...

גאָט האָט זעהר שעהנע שפּיעלצייג,
און ער ווארפט זיי הויך;
די לבנה איז אויך זיינע
און די שטערען אויך.

ער שפּיעלט אויך מיט טיעפע ימ׳ען,
מיט די גאַנצע וועלט;
איין זאַך קען ער נאָר ניט האָבען,
דאָס איז אונזער געלט.

גאָט איז גרעסער פון דער מאַמען,
פון דעם טאַטען אויך;
וואָס זשע דארף ער זיך דען שפּיעלען
אויבען אין דער הויך?

זאָל ער מיר די שפּיעלצייג געבען,
וועל איך שפּיעלען פיין;
איכ׳ל מאַכען, אַז דער הימעל
זאָל דאָ אונטען זיין...

## פארוואָס איז גאָט ברוגז?

מיט אויגלעך פערטערערט,
זיצט זעלדע און קלערט,
אַז גאָט איז אַ שלעכטער
און שטראָפט אַלץ די וועלט:
ער שיקט בייזע ווינדען
וואָס ברענגען אָן קעלט;
און ס׳זיינען די גראָזען
געשטאָרבען אין פעלד.
אַ שניי פאַלט און פאַלט,
אין הויז איז אויך קאַלט;
ניטאָ מעהר קיין קוילען,
דאָס עסען איז רויה
און ס׳ווערען די פיסלעך
און הענטעלעך בלוי.
פאר וואָס איז גאָט ברוגז
און שטראָפט אונז אזוי?....

## דער פרעמדער אָנקעל

ווער איז דאָס דער הויכער, מאַמע,
מיט די לאַנגע קרומע נאָז,
וואָס איך דאַרף איהם אָנקעל רופען,
און איך וויים גאָר ניט פארוואָס?

ער מיט פּאַפּאַ׳ן, ווען זיי רעדען,
שרייען ביידע אַזוי הויך,
ווען מיר געהען אַלע עסען
געהט דער פרעמדער מיט אונז אויך.

האָט ער ניט קיין טאַטע מאַמע,
אַז ער דארף ביי אונז דאָ זיין?
דאַרף מען דאָך אין פרעמדע הייזער,
אויפפיהרען זיך שטיל און פיין.

און אַז פּאַפּאַ זאָגט איהם עפּעס,
ענטפערט ער מיט אַ געשריי,
מ׳טאָהר אויף פּאַפּאַ׳ן דאָך ניט שרייען:
זאָג מיר, מאַמע, ניט אַזוי?

כ׳וויל ניט מאַמע ער זאָל שרייען,
דען איך האָב איהם פיינט דערפאר,
באבע פלעגט אונז אימער זאָגען,
אַז אַ הויכער איז אַ נאַר.

כ׳בין גאָר ברוגז אויף דעם פּאַפּאַ,
וואָס ער ברענגט איהם דאָ אַהער,
כ׳וויל אַ גוטען אָנקעל האָבען,
דער איז ניט מיין אָנקעל מעהר.

כ׳האָב פערגעסען וואָס צו זאָגען

ס׳איז מיין אָנקעל היינט געקומען
מיט אַ באַהן, פון זעהר ווייט;
שעהם איך זיך פאר איהם צו ווייזען,
און איך שטעה מיר אָן אַ זייט.

זאָגט די מאַמע: „נו, דו שעהמסט זיך?
געה און זאָג איהם „האו דו יו דו?"
ווייס איך דאָך שוין וואָס צו זאָגען,
געה איך צו מיין אָנקעל צו.

— — — — — — — — — — — — — —

כ׳האָב פערגעסען וואָס צו זאָגען,
וויל איך שוין דאָ מעהר ניט שטעהן;
און בעהאַלט זיך אין אַ ווינקעל,
קיינער זאָל מיך איצטער ניט זעהן...

## די באַהן

אַז מיר פֿאָהרען מיט דער באַהן
זעהר זעהר ווייט,
זיץ איך ביי אַ פענסטערעל
קוק די גאַנצע צייט.
זעה איך הימעל אומעדום,
פעלדער ווייט און פריי;
און די בוימעלעך ביי׳ן וועג
לויפען אונז פערביי.
זעה איך הינדעלעך אין פעלד,
שטעהען פיקענדיג;
שטעהט אַ הונט און בילט: האו האו!״
אויף אַ ווייסע ציעג.

לויפט דאָס פעלד פון מיר אַוועק,
און עס נעהמט אַלץ מיט;
קומען פעלדער אַנדערע,
און עס פליהט און פליהט
פאר מיין פענסטער אַלץ פערביי;
ביז מען שטעלט זיך אָב.
מאַכט מיין מאַמע גלייך מיין הוט
געהען מיר אראָב.

זעה איך גאָר אַ נייע וועלט,
און מיין פאַפאַ׳ן שטעהן;
וואונדער איך זיך ווי די באַהן
ווייסט וואוהין צו געהן.

## דער אָטאָמאָביל

פּאַפּאַ געקויפט
אַ וואָגען וואָס לויפט,
עס הייסט „אָטאָביל“
און ס׳פירט וואו מען וויל.
מיין פּאַפּאַ געגעבען אַ דריי
דאָס רעדעל, איינס! צוויי!
און מיר זיינען באַלד
געקומען אין וואלד.
און אָט האָט דער וואָגען
אונז ווידער געבראכט,
אין איין אויגענבליק
אין שטעדטעל צוריק.
ס׳איז פּונקט ווי אין מעשׂות
פון טויזענד איין נאַכט.

ווייסטו, ער זעהט
אז אימיצער געהט,
און פאָהרט ניט ארויף
ער טרובעט: אַנטלויף!
ער קעהרט זיך אַמאָל אָן אַ זייט
און מיידט אוים די לייט.

ווי קלוג און ווי פלינק,
צו וויסען אַלצדינג;
אַ וואונדער אַ גרויסער
איך טראכט און איך טראכט,
און קען ניט פערשטעהען:
ווי קען ער גאָר זעהן,
אז ס'איז בלויז אַ וואָגען
פון אייזען געמאַכט?

## אַ חלום

ווען איך בין איינגעשלאָפען היינט
בין איך אין פעלד געווען,
אַזעלכע פערדעלעך אַ סך
האָב איך אויף בערג געזעהן.

זיי האָבען מיך אַ כאַפּ געטהאַן,
אַוועקגעטראָגען ווייט;
האָב איך געמוזט דאָרט זיין מיט זיי
אַ לאַנגע לאַנגע צייט.

זיי זיינען דאָרט געוואָרען פונקט
ווי קינדערלעך אַ סך,
און האָבען זיך געשפּיעלט מיט מיר
געקראָכען אויפ'ן דאך.

און איינער האָט אין ווייסען סוט
געמאַכט אַ גרויסען פלעק,
און האָט געוויינט אַזוי ווי איך
ווען מאַמע געהט אַוועק.

זיי האָבען אַלץ גערעדט צו מיר
אזוי ווי מאַמע רעדט,
דערנאָך האָב איך זיך אויפגעכאפּט
געזעהן איך בין אין בעט.

איך ווייס ניט ווי איך האָב געקענט
אַוועקגעהן זעהר ווייט,
אַז איך בין אין מיין בעטעלע
געווען די גאנצע צייט...

## דריי טעג ניט געוויינט

ווען קינדער שלאָפען איין ביינאַכט,
וואו קומען זיי אַהין?
איך ווייס קיין זאך ניט, ווען איך שלאָף,
אַ וואונדער וואו איך בין...

די באָבע האָט אַמאָל געזאָגט:
אַז קינדער וויינען ניט
פליהט דורך אַ מלאך ביי דער נאַכט
און נעהמט די קינדער מיט.

אויף זיינע פליגעל וויעגט ער זיי,
און אז זיי שלאָפען איין,
צועפענט ער די טויערען
און נעהמט זיי גלייך אריין

וואו ס׳וואוינען אַלע שטערענדלעך,
און די לבנה אויך:
וואו גאָט זיצט אויף אַ שטוהל פון ליכט
אין הימעל זעהר הויך...

איך וואָלט אַזוי געוואָלט שוין זעהן
דעם מלאך, ווי ער פליהט:
שוין דריי טעג האָב איך ניט געוויינט,
און ע ר קומט אַלץ נאָך ניט...

## דער זייגער

אונזער זייגער האָט איין פוס,
און ער װארפט זיך הין און הער;
און די הענטלאך אויף זיין פּנים,
פּונקט ווי קלינגלאך פון אַ שער
זיינען שפּיציג קליין און דין;
האַלטען זיי זיך אויף אַ שרויף.
אַז מען קוקט ניט רוקען זיי זיך
איינס אַראָב און איינס אַרויף.

און ער רעדט צו זיך אַליין,
קיינער ווייס דאָך ניט זיין שפּראך;
טיק-טאַק, טיק-טאַק כסדר,
זאָגט ער אלין דיזעלבע זאך.
קיין מאָל רוהט ער זיך ניט אָב,
נאָר ער קלאפּט אַלין טאָג און נאַכט;
אַז די מאַמע וואָלט מיך לאָזען
וואָלט איך איהם צורעכט געמאַכט...

## דער פּאַנאָגראַף

קום, איך וועל דיר ווייזען,
ביי אונז איז פאראַן
אַ קעסטעלע וואו עס
בעהאַלט זיך אַ מאַן.

ער שפּיעלט אויף אַ פידעל,
און זינגט זעהר שעהן;
איך הער איהם אין קעסטעל,
איך קען איהם ניט זעהן.

ס'איז גאָר אַ קליין קעסטעל,
ווי דרעהט ער זיך אוים?
און ער איז דאָרט אימער,
ער געהט ניט ארויס.

טאָ ווער גיט איהם עסען?
ער איז דאָרט אַליין.
כ'האָב טאַקע געהערט גאַר
אַ שטאַרקען געוויין.

אַמאָל לאַכט ער פרעהליך,
אַמאָל וויינט ער שטיל;
און אלע מאָל זינגט ער
וואָס יעדערער וויל.

מען דאַרף גאָר צובּרעכען
דאָס קעסטעל, און זעהן,
דעם מאַן, וואָס וויינט ביטער
און זינגט אַזוי שעהן!...

### ווי גוט זיי זיינען

דער גראָסערי מאַן איז אַ גוטער,
ווייל ער גיט אונז צוקער און פּוטער;
און נאָך אַ סך זאַכען
פּאַקט ער אונז איין,
און איז נאָך צופריעדען
און נעהמט אונז אויף פיין.

דער מילך-מאַן איז אָבער נאָך בעסער
ווייל ער גרייט אָן מילך פולע פעסער
און ברענגט יעדען מאָרגען
צו אונזער טהיר,
אַ פלעשעל מיט מילך אויף
צו טרינקען פאר מיר.

---

### לאָטקעלעך

שוין, ניטאָ מעהר לאַטקעלע,
וואו איז עס געבליבען?
ציינדעלעך, איהר מוזט עס וויסען,
איהר האָט לאַטקעלען צוביסען:
צינגעלע, דו האָסט צוריבען,
זאָג, וואו לאַטקעלע געבליבען.

ס׳איז אַריין דאָס לאַטקעלע
דורכ׳ן ראָזען גומען;
ווילען פיסלעך וואַקסען לענגער,
קליידלעך וועלען ווערען ענגער;
ס׳האָבען גלידעלעך גענומען
לאַטקעלען אַדורכ׳ן גומען...

## דער פּאַראַד

איך בין ביים פּאַראַד געווען,
אַי, וואָס איך האָב ז'אָרט געזעהן!
טריפּ טראַפּ! טריפּ טראַפּ! מיט די פיס.
מאַמע, אוי, ווי שעהן דאָס איז!

אין מונדירען איינגעהילט
האָבען מוזיקער געשפּיעלט,
און געגאַנגען זיינען זיי
אַלע אין אַ גלייכע רייה.
זעלנער האָבען זיי בעגלייט:
אַך, ווי איך האָב זיך געפרעהט,
ווען די טאַנטע האָט מיר אויך
אויפגעהויבען זעהר הויך,
און איך האָב אויף אַ מינוט
אַלץ געזעהען זעהר גוט!

איך בין נאָך אַליין צו קליין,
קען איך גאָר ניט זעהן אַליין;
גרויסע מענשען שטעהען דאָרט,
און פערשטעלען ס׳גאנצע אָרט.
מוז איך לעבען טאַנטען שטעהן,
קוקען און דאָרט גאָר נישט זעהן
אַך, עס מוז זייו זעהר פיין
גאָר אַ גרויסער מאַן צו זיין;
ווייל די גרויסע זעהען גוט,
ניט ווי איך אויף איין מינוט,
נאָר אַ לאַנגע, לאַנגע צייט;
ביז די זעלנער זיינען ווייט.

נאָר איך ווייס גאָר ניט פארוואָס
שטעהען גרויסע מיט פערדראָס,
און די מאַמעס מיט אַמאָל
נעהמען וויינען אויפ׳ן קול...

ווען וועט זיין מאָרגען?

מאַמע האָט געזאָגט, אַז מאָרגען
וועט זי אויספּוצען מיך פיין.
פרעג איך פּאַפּאַ, ווען איז מאָרגען,
און אויך ווען וועט נעכטען זיין?

„נעכטען איז געוועזען נעכטען",
זאָגט דער פּאַפּאַ און ער לאַכט:
„מאָרגען קומט, ווען דו מיין קינד, וועסט
איבערשלאָפען גוט די נאַכט".

בין איך גוט ביינאַכט געשלאָפען,
און די זון אין פענסטער שיינט;
געה איך צו דעם פּאַפּאַ פרעגען
„פּאַפּאַ, ס'איז שוין מאָרגען היינט?"

קושט מיך שטאַרק מיין גוטער פּאַפּאַ,
און ער נעהמט מיך אין זיין שויס
אייב ס'איז שוין געוואָרען מאָרגען,
זאָגט דער פּאפּא מיר ניט אויס.

## אַ פּראָבלעם

הערשעלע מיט רחל׳ען,
געהען זיך ביינאַנד;
זאָגט ער שטיל צו רחל׳ען:
„גיב אַהער דיין האַנד“.
זאָגט זי בייז צו הערשעלען:
„כ׳וויל ניט, ס׳איז ניט שעהן!“
קעהרט זי זיך אַוועק פון איהם:
„כ׳וויל מיט דיר ניט געהן.“

בלייבט פערטומעלט הערשעלע,
בויגט אראָב דעם קאָפּ:
רייסט דער ווינד זיין היטעלע,
ביז עס פליהט אראָב.

הייבט ער אויף זיין היטעלע,
טהוט עס ווידער אָן;
גיט אַ קוק אויף רחל׳ען,
וויים ניט וואָס צו טהאָן.

זעהט זי ווי ער שטעהט פערטראַכט,
קוקענדיג אויף איהר;
זאָגט זי: „כ׳ווייס גאָר ניט פאַרוואָס,
כ׳טאָר ניט געהן מיט דיר?“

„וואַרט, איך וועל דיר זאָגען באַלד,
דאכט זיך, אַז איך ווייס:
אָט מיר דאַרפען אויסוואַקסען,
ווי דער טאַטע גרויס.

„געהט מען זיך אַרויס אין גאַס,
צו פערדיענען געלד;
קען מען געהן מיט מיידעלעך,
ווי פיעל עס געפעהלט.“

„ניין, עס איז גאָר ניט אַזוי,
חנה איז דאָך גרויס;
טרעפט זי זיך מיט מאיר'ן,
ווייט הינטער'ן הויז.

„דען זיי שעהמען זיך, אין גאַס
אומצוגעהן אַליין.
ווייל עס טאָרען אינגעלעך מיט
מיידעלעך ניט געהן—“

קנייטשט זיין שטערען הערשעלע,
קען עס ניט פערשטעהן;
פאר וואָס עס טאָרען אינגעלעך
מיט מיידעלעך ניט געהן?...

## אַ פראַגע

גאָט פאַרבט רויט און בלוי דעם הימעל,
ווייל ער ניט ס׳זאָל זיין־אַזוי;
נעהמט ער מיט די וואָלקען טיכער,
ווישט איהם אָב און מאַכט איהם גרוי.

איז דער הימעל דען אַ לייוועגד,
און די וואָלקען זיינען קרייד?
לערענט ער זיך אַלץ נאָך מאָהלען,
אַזאַ לאַנגע, לאנגע צייט?...

---

## „פוידעלעך"

מאַמע, זעה אַ פוידעלע
דאָטען וויט-ווייט פליהט.
האָט זי אויך אַ מאַמעלע,
ווע אי עסען דיט?

מאַ, פאַ וואָס עס טענען ניט
פליהען מיידעלעך?
איך וואָ׳ט אויך דעפלוידען ווייט,
ווי די פוידעלעך.

### דער אלף בית

אָ, ווען איך ווייס דעם אלף בית,
ווי גוט עס וואָלט געווען;
איך וואָלט זיך אויסגעלערענט באַלד,
אַזוי ווי מאַמע לעזען.

די מאַמע האָט געוויזען מיר,
דעם אלף בית אין סדור;
האָב איך אַביסעל שוין געקענט,
און האָב פערגעסען ווידער.

איך קען די בילדער לעזען בלויז,
אין פּאַפּאַס שעהנע ביכער...
איך קען אן „א" און א „ש"
א „ל" קען איך זיכער.

אַ „ן" איז דאָך פאר מיר ניט שווער,
עס זעהט אוים ווי אַ שטעקעל;
אַ „ד" קען איך אויך פערשטעהן,
עס איז דאָך ווי אַ העקעל.

א „י" איז גאָר אַ קעפּעלע,
אַ „ח" אן אָפּען קעסטעל;
אַ ס" ווי אַ רינגעלע
אַ „ט" איז ווי אַ נעסטעל.

און מעהר קיין אותיות קען איך ניט,
ס'איז דאָ אַ סך אין ביכער...
מען דארף ניט האָבען אזוי פיעל...
וואָלט איך זיי קענען גיכער.

## אַן ענטפער

„מאַמע, דו מיר זאָגען וואו
דו האָסט מיך גענומען?
און פון וואַנען איז צו אונז,
זעלדעלע געקומען?

„ווער מאַכט דאָס דעם רעגען געהן?
מאַ, ווער בלאָזט די ווינדען?
ווער לעשט אוים די זון, און קען,
אין דער פריה אָנצינדען?

„קיין מאָל ווייגט דער פאַפאַ ניט,
און ער געהט געשאָרען;
זאָג מיר, ווי איז ביי דער קאַץ
קעצעלעך געוואָרען?

„זאָג מיר, מאַ, וואוהין מע האָט
צוגענומען זיידען?
זאָג, פאר וואָס מען האָט געדארפט
זיך מיט באָבע'ן שיידען?

„לאָז, מיין קינד, דו ביזט צו קליין,
כ'קען דיר ניט ערקלערען;
ועסט שוין אַלצדינג וויסען, וואַרט,
ועסט אַ גרויסער ווערען...“

„אָבער, מאַ, ווי ווערט מען גרויס,
קענסטו מיר דאָס זאָגען?
און ווי קען דער ים אויף זיך
שווערע שיפען טראָגען?

„זאָג, מאַ, ווי דער זייגער קען
אַלע שטונדע קלינגען?
מאַמע, ווייסט ווי קען אַליין
אונזער טרובע זינגען?

„ווי קען — “
— „שאַ דו קליינער, שאַ!
הער שוין אויף צו פרעגען:
שוין זאָלסטו אין בעט אַריין,
און זיך שלאָפען לייגען!“
„כ׳ווייס ניט וואָס איך האָב געטהאַן,
אַז מען דארף מיך שטראָפען:
ס׳איז דער זייגער זיבען בלויז,
און איך דאַרף שוין שלאָפען!“

## שווערע פראגען

גאָט נעהמט צו פון אונז די נעכטענס,
און ער גיט זיי אונז ניט מעהר...
אַלע טאָג קלייבט גאָט אוים מאָרגענס,
און ער שיקט צו אונז אהער.

כ׳וואָלט געוואָלט אַליין אויסקלייבען
וועלכער מאָרגען זאָל זיין מ י י ן...
לאָזט ניט גאָט... און וואָס וועט ווערען,
אַז קיין מאָרגענס וועט ניט זיין?...

אַז פון מאָרגענס ווערען נעכטענס,
אפשר מאַכט דאָס גאָט פערקערט,
און פון יעדען אַלטען נעכטען
גאָר אַ נייער מאָרגען ווערט?...

ס׳טהוט מיר וועה דער קאָפּ פון טראַכטען,
אָבער איך מוז דאָס פערשטעהן;
ווער איז גאָט?... פאר וואָס בעהאַלט ער
זיך מען זאָל איהם גאָר ניט זעהן?...

ווי קען ער אזוי פיעל זאכען
מאַכען אַלעם מיט אמאָל?...
און די מאַמע זאָגט: „די וועלט איז
רונדיג ווי מיין נייער באָל!“

איז די וועלט ביי גאָט אַ באַל גאָר,
און ער שפּיעלט זיך בלויז מיט איהר?...
כ׳זעה ניט אַז דער באַל זאָל פליהען
ווי מיין נייער באַל ביי מיר...

און ווען יאָ, ווי וואַלטען אַלע
ניט געפאלען גלייך אַראָב?...
איי, איך קען שוין מעהר ניט טראַכטען.
מאַמע, ס׳טהוט מיר וועה דער קאָפּ!

---

אז איך וועל פאָהרען

איידער מיר זיינען געפאָהרען,
איבער ים׳ען אויף אַ שיף;
האָבען מיר געוואוינט אין שטעטעל,
וואו עס איז די בלאָטע טיף.

פלעגט דער זיידע דארפען פאָהרען,
איבער דערפער זעהר ווייט:
פלעגט זיין ווייסען פערדעל שפּאַנען,
און געלאָפען איז די צייט.

אַז דער טאַטע דארף איצט פאָהרען,
שפּאנט ער איין אַ זייל מיט רויך;
און אַז איך וועל דארפען פאָהרען,
וועל איך פליהען אין דער הויך...

זייער טאַטע שלאָפט...

פּאַפּאַ זאָגט, אַז גרויסע מענשען,
שלאָגען זיך פאר זייער פאָהן;
האָבען זיי אַ גרויסען טאַטען,
וועלכער שלאָגט דערפאר זיי אָן?..

כ׳ווייס עס זיכער, אַז מען טאָר ניט
שלאָגען זיך פאר קיין שום זאַך....
און די גרויסע האָבען ביקסען,
שטארבט מען אַז זיי מאַכען „טראַך!"

כ׳ווייס ניט ווי זיי מעגען טויטען,
איינם דעם צווייטען פאר אַ פאָהן...
...זייער טאַטע מוז איצט שלאָפען...
קענען זיי אַזעלכעס טהאָן...

## דריי און איינס איז צוויי

זאַמעלע דער קלייניגקער
קען ניט געהן, ער פאַלט;
„ערב שבועות״, זאָגט די מאַמע
„ווערט ער איין יאָהר אַלט.״

זעלדעלע איז דריי יאָהר אַלט,
און זי איז שוין גרויס;
וויל זי ווי אַ מאַמע, האַלטען
זאמעלען אין שויס.

הייבט זי זאמעלען פון דר׳ערד,
ווי די מאַמע טהוט,
קולענען זיך ביידע איבער,
מאַכען זיי זיך בלוט.

קומט דער גרויסער פאפא אַן,
הויבט ער ביידען אויף,
און אויף זיינע הויכע קניהען
זעצט ער זיי ארויף.

זאַמעלע אַ קלייניגקער,
זעלדעלע איז גרויס;
ער דאָס קינד, און זי די מאַמע,
אויף דעם פאַפאַ׳ס שויס.

מאַמעלע מיט זאמעלען,
וויפיעל זיינען זיי?
„פאַפאַ זאָג, א יא ס׳איז אמת,
דריי און איינס איז צ ו ו י י ?...

וואו וואוינט גאָט ?

דאָרט וואו דער הימעל
איז ליכטיג און בלאָ,
צו איז דאָרטען אויבען
קיין וועלטען ניטאָ ?
באבע געזאָגט: דאָרט
וואוינט גאָט אין דער הויך,
און מאַמע זאָגט: דאָרט איז
בלויז וואָלקען און רויך.

וואו קען גאָט וואוינען,
אויב ער וואוינט ניט דאָרט ?
איך מיין אויף דער ערד,
איז ניטאָ אַזאַ אָרט,
וואו עס זאָל וואוינען
אַזאַ גרויסער גאָט.
איך וויים, אַז ער וואוינט ניט
ביי אונז דאָ אין שטאָט.

אין די גרויסע שטעט,
וואו מען פאָהרט מיט דער באַהן:
זאָגט טאַנטע אַז: דאָרט איז
אויך גאָט ניט פערהאַן.
פאַפאַ אַליין האָט
איהם אויך ניט געזעהן.
אַ וואונדער וואו איז ער,
איך קען ניט פערשטעהן.

בעריהמעריי

דו האָסט ניט קיין גרויסע שוועסטער
אָבער אין׳ האָב יאָ;
ועט זי קומען באַלד צו פאָהרען,
וועט זי בלייבען מיט אונז דאָ.

און זי וועט פון דאָרטען ברענגען,
קליידעלעך פאר מיר;
דו וועסט ניט געהן מיט מיין שוועסטער,
אָבער איך וועל געהן מיט איהר.

וועט זי מיך צו „מופינג פיקטשורס“
נעהמען אַלע מאָל;
וועט אַ שליטעלע מיר קויפען,
וועל איך גליטשען זיך אין טהאָל.

ווייסט? זי וועט מיר לערנען שרייבען,
ביכער שרייבט זי אָן;
און אַז איך וועל זיין אַ גרויסע,
וועל איך פונקט ווי זי אַלץ טהאָן...

בענקשאפט

1.

איך ווייס ניט וואָס מען האָט געדארפט
די באָבען איבערלאָזען
דאָרט אַליין אין שטעטעלע,
וואו עס וואַקסען גראָזען.

ס'איז הינדע אויך געבליבען דאָרט...
מיט איהרע ווייסע ציעגען;
אי, וואָלט איך געוואָלט מיט איהר
אויף אַ ברעט זיך וויעגען...

— — — — — — — — — — — — — — —

2.

דאָ וואוינט מען אין אַ פרעמדע הויז...
ביז'ן הימעל הויך;
דורכ'ן פענסטער זעה איך בלויז
דעכער, קוימענס, רויך.

עס וואקסען דאָ קיין גראָזען ניט,
שטיינער אומעדום...
וועל איך אין אַ טעפּעל ערד,
איינזעען א בלום...

## צו אַ לעקטשור

מאַמע האָט מיך מיטגענומען
צו אַ לעקטשור, היינט ביינאַכט;
דאַרף איך זיין אַ גוטע מיידעל.
ווייל איך שטילערהייד און טראַכט,
אַז איך טהאָר ניט בעטען עסען,
און איך טהאָר אַהיים ניט געהן;
טהאָר ניט וויינען, וואָס די מענשען
לאָזען מיך דעם מאַן ניט זעהן.

כ'ווייס ניט וואָס ער שרייט דער שרייער
ער האָט שוין גערעדט גענוג;
אָבער איך דאַרף זיצען רוהיג,
מאַמע זאָגט, אַז איך בין קלוג.
מאַכט זיך מיר באַלד צו די אויגען,
און איך זעה מיין ווייסע בעט;
הער איך פּאַטשען און דערשרעק זיך
און דער רעדנער רעדט און רעדט.

כ'האָב זיי פיינט די גרויסע מענשען,
כ'קען ניט שפּיעלען זיך מיט זיי;
קיין מאָל וועל איך דאָ ניט קומען,
זיצען רוהיג אין אַ רייה.
איך וויל שפּיעלען זיך מיט קינדער,
כ'וויל ניט ווערען אַלט און גרויס;
טראַכט איך ביז עס קומט אַ חלום,
וויעגט מיך איין אין מאַמעס שויס.

## די באָבע

באָבע איינגעשלאָפֿען שטאַרק,
כ׳קען איהר ניט אויפוועקען;
מאַמע וויינט, און זאָגט צו מיר,
כ׳זאָל איהר ניט אויפדעקען.

קומט די מומע חנה אָן,
וויינט זי מיט דער מאַמען;
און נאָך מאַמעס קלייבען זיך
אינ׳ם הויז צוזאמען.

פרעג איך מאַ, וואָס באָבע שלאָפט,
און זי קען ניט ריידען?
זאָגט זי, לאָז מיך אָפּ, מיין קינד,
באָבע פאָהרט צום זיידען...

ווי קען באָבע פאָהרען איצט?
וואָס קען מאַמע מיינען?
און פארוואָס דארף זי אזוי,
מיט דער מומען וויינען?

ווען די באָבע אויפשטעהן באַלד,
וועל איך ביי איהר פרעגען;
זיין איך ביי איהר בעט דערווייל,
פלעכט פון דעק די ברעגען.

באָבע, זאָג איך, שטעה שוין אויף!
טאָג שוין לאנג געוואָרען;
אַז דו שלאָפסט, דו קענסט דאָך ניט
צו דעם זיידען פאָהרען.

מיט אַ קאַסטען קומט א איד,
נעהמט מען באָבען טראָגען;
ריידען מאַמעס וויינענדיג,
כ'ווייס ניט וואָס זיי זאָגען.

נאָכדעם פאָהרען מיר אַוועק,
אין אַ וויטען גאָרטען;
גראָבען אידען אויס אַ גרוב,
לייגען באָבען דאָרטען.

פרעג איך מאַ, וואָס טהוען זיי,
מיט מיין גוטער באָבען?
זי ארויסצוזאקסען פון דאָרט,
אַז זיי איהר בעגראָבען?...

## דאָס פֿייגעלע

זאָגט דאָס פֿייגעלע: „טשיר, טשיר!"
רעדט זיך אויס דאָס האַרץ פֿאַר מיר:
„עלענד בין איך דאָ אין שטייג,
בענק איך נאָך אַ הויכען צווייג.
בענק נאָך הימעל, בענק נאָך לופֿט,
און דער ווייטער וואַלד מיך רופֿט...
כ'זעה אַ פֿייגעל דרויסען פֿליהט,
ווייל איך פֿליהען, קען איך ניט.
שריי איך, רוף איך: טשיר, טשיר, טשיר!
הערט זיך קיינער צו צו מיר..."

„האָסטו גאָר קיין מאַמען ניט?"
„ערגעץ ווייט מיין מאַמע פֿליהט"...
„האָסטו ניט, אַזוי ווי איך,
חבר'טעס צו שפּיעלען זיך?"
„כ'בין אַליין דאָ טאָג און נאַכט,
פֿון די דראָטען שטרענג בעוואַכט.
קוק איך פֿון דעם שטייג אַרויס —
ס'איז דער דרויסען זעהר גרויס...
און איך מוז אין ענגשאַפֿט זיין,
איינגעשפּאַרט אין שווערען פּיין..."

און עס בעט מיך: „טשיר, טשיר, טשיר,—
עפען אויף פאר מיר די טהיר!“
קריך איך אויפ׳ן טיש אַרויף,
עפען איך דאָס טהירעל אויף,
זינגט עס פרעהליך: „טשיר, טשיר, טשיר!
פון מין הארצען, דאנק איך דיר!“
„פליה געזונד, דאָרט אין דער הויך,
און גערים דיין מאַמען אויך!“
פליהט עס נאָכדעם, ווייט און פריי,
פליהט די וואָלקענדלעך פערביי.

ווערט עס ווי א פינטעל קליין,
ביז איך קען עס מעהר ניט זעהן.
ס׳פליהט אין הימעל גלייך אַריין,
אַ נשמה, מוז עס זיין!...
גאָט וועט אין די אָרעמס איהר,
כאַפּען, פונקט ווי מאַמע מיר,
און מיר וועט ער פאר אַ דאַנק,
געבען פליגעל, אַ געשאַנק,
וועל איך אין די הימלען אויך
פונקט ווי פייגעל פליהען הויך...

## דאָס קינד און דאָס פײגעלע

„פײגעלע שעהנינקע,
פײגעלע קלײנינקע,
װילסט זײן מײן חבר׳טע,
רעדען מיט מיר?
זאָג מיר פאר װעמען, עס
איז דאָרט דאָס שטײגעלע
דאָרט אויפ׳ן צװײגעלע —
איז דאָס פאר דיר?

„נײן, מײן נחמה׳לע,
כ׳בין דאָך אַ מאַמעלע,
האָב איך דאָך קינדעלעך —
בוי איך פאר זײ
אויס אַ קלײן שטיבעלע.
דאָ אויף אַ בוימעלע,
פלעכט איך אַ הײמעלע,
פון פרישען הײ.“

„פייגעלע, שעהנינקע,
פייגעלע קליינינקע,
כ׳וויל ביי דיר פרעגען, איך
קען ניט פערשטעהן,
ביזטו ניט הונגעריג?
וואו קאָכסטו מאכל׳עך,
פרישינקע יאיכעלעך,
איינע אַליין?"

„כבין אַ קליין פייגעלע,
מיט אַ שאַרף אייגעלע, —
קען איך גאָט׳ס וועלטעלע,
עס פון זיין טיש —
פעהלט מיר קיין קערענדלעך:
און דאָרט, דאָס טייכעלע,
קאָכט מיר אַ יאיכעלע
יעדען טאָג פריש.

## דאָס מיידעלע און די ציעג

איבער גרינע געלע פעלדער,
יאָגט אַרום דער שטיפער ווינד;
וויגט די גראָזען, וויגט די קארען,
רייסט די לאָקען פון אַ קינד.
כאפט דאָס קליידעל, דרעהט עס רונדיג,
ביז ער האָט אַ ראָד געמאַכט;
פרעגט דאָס מיידעלע דער באָבען:
ווער האָט דאָ דעם ווינד געבראכט?...
„באָבע וויים ניט, טאָכטער מיינע,
ווער דאָס איז וואָס ווייזט דעם וועג
אי די ווינדען דורך די פעלדער,
אי די מענשען דורך די טעג...
האַלט מיין קינד צו פעסט דאָס שטריקעל,
זעהסט, עס קוקט אַהין די ציעג;
קאָרען זיינען געלע זיסע,
ווינקען זיי זיך וויעגענדיג.“

האַלט דאָס מיידעלע דאָס שטריקעל,
פעסט אין איהרע קליינע הענד:
און די זון פון מיטען הימעל,
איהר אויגען קושט, און בלענדט.

זיצט די באבע אין די גראָזען,
שטריקט אַ זאָק און טראַכט פון זיך:
ווי עס זיינען שוין פערגאַנגען
אַלע יאָהרען אַזוי גיך...
אָט ווערט הינדעלע געבאָרען,
און אָט וויעגט זי איהר אין וויעג;
איצטער שטעהט זי שוין די בריה
און זי פיטערט שוין די ציעג.
ג׳ראָטהען איז זי אין דער מאַמען,
פונקט ווי וואסער-טראָפּענס צוויי.
גאָט זאָל געבען כ׳זאָל דערלעבען,
פרייד און נחת זעהן פון זיי.
גלעט דאָס קינד די ציעג מיט ליעבע,
און זי פרעגט: „איז זים די גראָז?“
הויבט זי אויף די רונדע אויגען,
גיט אַ צייכען מיט דער נאָז,
אַז זי האָט ביי זיך בעהאַלטען
פון דעם גרינעם זאפט גענוג;
און זי וועט דערפאר איהר געבען
פעטע מילך אַ פולען קרוג.
טוליעט זיך דאָס קינד מיט ליעבע,
צו דער ציעג׳ס בעזונטען קאָפּ:
געהען אַלע דריי צופריעדען,
פון דעם גרינעם פעלד אַראָב.

## די קליינע העלדין

נאַכט, אין שאָטען, און אין שטילקייט,
שטעהען הייזלעך אין אַ רייה;
די לבנה רייסט איהר ציהרונג,
וואַרפט ברילליאַנטען, ציהרט דעם שניי,
זיידע פראָסט אין אייז געפּאַנצערט,
אטהעמט אוים זיין בייזע קעלט;
גאָט האָט איהם די מאַכט געגעבען
צו בעווינטערען די וועלט;
איז ער גרוים ביי זיך דער שטייפער,
לאָזט פון הייזער ניט אַרוים;
טהוט מען אָן זיך דיקע פעלצען,
מיידט מען זיינע פיילען אוים.
אונטער קליינע לייכטע טריטלעך
פון אַ מיידעל זעקס יאָהר אַלט,
גלימצערט ער: „צוריק אין הייזעל!
ס'איז ביי מיר אין דרויסען קאַלט.“
פיהלט דאָס קינד ניט זיינע פיילען,
ס'איז איהר הערצעל פול מיט שרעק;
אין דעם הויף וואו גויים וואוינען,
איז די גוטע ציעג אַוועק.

גוים אין די רויטע העמדלעך,
וועלכע שלאָגען שויבען אוים;
האָבען העק אַזעלכע גרויסע...
ווי וועט ציגעלע ארוים?
אין דער פראָסט, ער קען איהר טויטען,
ווען זי בלייבט דאָרט איבער נאַכט;
כ׳מוז איהר רעטען, יא, איך מוז עס,
האָט דאָס קינד ביי זיך געטראכט.

שטיל האָט זי געטהאָן אַ שעפּטשע,
„קאָז, קאָז, קאָז, וואו ביזטו ציעג?“
„מע, מע!“ האָט די ציעג געענטפערט,
שוין פון שרייען הייזעריג.
ס׳איז פערשפּארט דער גרויסער טויער,
און זיין שאָטען אויפ׳ן שניי
שרעקט מיט נאַכט, און בייזע רוחות —
נעבען שטיבעל שוועבען זיי.
„לויף אַהיים באַלד צו דער מאַמען!“
רעדט אין איהר די שטים פון שרעק,
ניין, איך מוז די ציעג דאָך רעטען;
אַנדערש געה איך ניט אַוועק.

האָט געטראכט די קליינע העלדין,
און געזוכט אַ גוטען פּלאַן;
ווי אין היף אַריין צו קומען,
איז דאָ וואו אַ וועג פאַרהאַן?

האָט דערמאָנט זיך באלד די קליינע,
אַז מען קען אין הויף אַריין;
דורך דעם ליידיג אַלטען הייזעל,
מוז דאָרט אָבער שדים זיין.
דורך די שטיקער גלאָז פון פענסטער,
דוכט זיך שדים טאַנצען אום;
דאָך איז דאָס דער וועג צום גאָרטען,
וואו עס לויפט די ציעג אַרום.
גיט דאָס קינד אַ שפרונג צום פענסטער,
לויפען שדים הין, און הער,
דוכט זיך איהר זי הערט אַ שטימע:
נעהמט איהר הערצעל קלאפען שווער.
הערט זיך איין, עס איז גאָר קיינער,
ס'האָט דער ווינד געטהאָן אַ בלאָז;
טרעט זי איבער אַלטע קעסטלעך,
איבער שאַרבענס, איבער גלאָז.

ביז זי קומט צום צווייטען פענסטער,
נאָך אַ שפרונג, זי איז אין הויף;
„קאָז קאָז“ גיט זי שטיל אַ שעפטשע,
לויפט די ציעג אויף איהר אַרויף,
נעהמט איהר קושען, נעהמט איהר גלעטען,
פול מיט ליעבע אין איהר זעל;
„שאַ“, גיט איהר דאָס קינד אַ צייכען,
„גלייך צום טויער, ציעגעל שנעל!“

לויפען זיי אַזוי צום טויער,
דוכט זיך אוים דאָס בלאסע קינד:
אַז עס לויפען נאָך די גוים,
מיט די העק, און מיט די הינד.

הייבט דאָס קינד דעם שטאַנג פון טויער
מיט איהר גאנצען כח אויף:
עפענט זיך דער שווערער טויער,
לויפען זיי ארוים פון הויף.
ביידע צו דעם ווארים שטיבעל,
יאָגען זיך מיט פרייד און שרעק:
ביז די הארטע ווייסע וועגען,
לויפען פון די פים אַוועק.

פאלט דאָס קינד צו, צו דער מאַמען,
און די ציעג אויך טאַנצענדיג:
„מאַמע, מאַמע!“ שרייט די העלדין,
„כ'האָב גערעטעוועט די ציעג!“

## די קליינע מאַמע

אויף די טרעפּ זיצט קעצעלע,
זי האָט דאָך ניט קיין מאַמען.
נעהמט איהר קיינער ניט אַריין.
שרעקט זי זיך אַליין צו זיין
און וויינט: — „מיאו—איך וויל אַ מאַמען.“

זאָג איך: „וויין ניט, קעצעלע,
אָט איך וועל זיין דיין מאַמע.“
געה איך מיר פון בעט אַרויס,
נעהם איהר באַלד אַריין אין הויז
און לייג איהר שלאָפען, ווי אַ מאַמע.

---

## נאַקעטע אין קעלט

אונזער קאַץ האָט ניט קיין מאַנטעל,
געהט זי דאָך אין הויז אַרום;
אָבער פרעמדע קעצלעך לויפען
באָרוועס אין די גאַסען אום.

כ׳ווייס ניט ווי זיי קענען אומגעהן,
נאַקעט אין אַ גרויסע קעלט!
נאָר אויף קויפען שיך און קליידער
האָבען זיי דאָך ניט קיין געלד...

דארף מען זיי אין הייזער האַלטען,
אַ רחמנות איז אויף זיי!
כ׳ווייס ניט ווי כ׳וואָלט נאַקעט, באָרוויס
קענען אומלויפען אין שניי?...

## חיה׳לעס הינטעלע

חיה׳לעס הינטעלע
איז פון פאַפיר.
לייגט זי איהם שלאָפען
אין דרויסען ביי׳ן טהיר.
זינגט איהם אַ ליעדעלע,
שלאָפט ער באַלד איין.
זאָגט אָן דער מאַמען:
„שש! שטיל זאָל מען זיין“.

ער איז אַ ג׳ראָטענער,
מיינט ניט, אַז ניט;
דזשייקי מאַכט „האַיי!“ און
ער עסט וואָס מען גיט.
גיט זי איהם עסען, וואָס
זי עסט אַליין.
רייסט אויף זיין מויל, און —
צוברעכט איהם די ציין.

קומט זי צו מאַמעלען,
פרעגט איהר: פאַר וואָס
דזשייקעלעס מויל גרייכט
ארויף ביז צום נאָז?

און זיין קליין קעפעלע
האַלט זיך ניט גוט;
„מאַמעלע, זעה נאָר — פון
דזשייקי׳ן געהט בלוט!“

בינדט צו די מאַמעלע
דזשייקעלעס וואונד,
היה׳לען טרייסט זי:
„ער וועט זיין געזונד“.
לייגט זי אין בעטעלע
איהר קראנקען הונד,
דעקט איהם גוט איין, וועט
ער זיין ב אַ ל ד געזונד...

---

## דעהן דויסען דעהן

מאַמע, דויסען דעהן מיט מי,
זעהן דעם פּאַפּע דעהן:
פּאַפּאַ בענדען דעלט אַ סך,
טויפען מי א דוטע זאַך.
דאָס זיין אַזוי שעהן,
דעהן דויסען דעהן.
מאַמע, זעה דאָט טינדאלעך
פּילען זיך אַליין.
מאַמע, טום מי דעהן צו זיי,
איך אויך וואַפען זיך מיט שניי;
מאַמע, אָ. ווי שעהן,
דעהן דויסען דעהן.

## שניי-בלומען

מאָרגען וועט עס שנייען, מאַמע,
מאָרגען וועט עס שנייען?
און מיט ווייסע פליגעל, מאַמע,
וועלען פליהען פייהען?

קינד מיינס שעהנס, אַ מאַמע קען ניט
וויסען ווען ס'וועט שנייען...
ס'וועט דער ווינטער גערטנער קומען,
וועט ער שניי פערזייען...

---

## שנייעלעך

אויף די פליגעל פון'ם ווינד
פאָהרען שנייעלעך אַ סך,
און זיי איילען זיך געשווינד
ביז זיי קומען צו אַ דאַך.

דאָרטען זעצען זיי זיך צו,
וואַרטען אויף אַן אַנדער צוג;
קומט אַנאַנדער ווינד פון וואו —
ווינטען זיינען דאַ גענוג.

כאַפּען זיי זיך באַלד אַרויף,
און זיי פאָהרען זעהר שנעל;
ביז זיי קומען צו אַ הויף,
צו אַ גאַס, צי צו אַ שוועל.

דאָרטען בלייבען שוין די שניי,
דען מען טרעט זיי מיט'ן פוס;
שווארץ און פינסטער ווערען זיי,
און זיי וויינען פאר פערדרוס...

## שנײ

ס׳איז װײַס די גאַסן, מאַמע, זעה!
װי שמעטערלינגען פליהען שנײ;
דער הימעל ברעקעלט שטיקלאך אָב,
און װאַרפט זײ דאָ צו אונז אַראָב;
איצט װעלען מיר דאָ האָבען אויך
אַ הימעל װײַס װי אין דער הויך.
אָה, מאַמע, זעה!
אָה, מאַמע, זעה!
אַ הימעל װײַס װי אין דער הויך...

און אפשר װעט נאָך גאָט אַלײן
אויך קומען דאָ, מען װעט איהם זעהן;
װעט יעדע הויז דאַן זײן אַ שוהל,
מלאכים װעלען קינדער זײן,
און פליהען הויך, װעלט אויס, װעלט איין.

מען װעט גאָט זעהן!
מען װעט גאָט זעהן!
און פליהען הויך, װעלט אויס, װעלט איין.

## דער בוים

בלאָנדזשעט אום אויף ווייטע וועגען
אַ פערלאָזטע קינד.
ניט קיין טאַטען, ניט קיין מאַמען;
שרעקען איהר די הינד...

באַלד דערזעהט זי פון דערווייטען,
וואקסט אַ בוימעל גרין;
איילט זי זיך מיט אלע כחות
ביז זי קומט אַהין.

האָט דער בוים אַ ווייסע קאָרע...
און ער רעדט איהר איין,
אַז די צווייגען אַזש אין הימעל
וואַקסען גלייך אַריין...

גלויבט דאָס קינד, און קוקט ניט העכער...
בויגט זיך באַלד אַראָב,
טוליעט זיך צום בוים און שפּאַרט איהר
מיעדען קעפּעל אָב...

קומט אַ לאַנגער שלאָף מיט טרוימען
און מיט זיסע רוה...
שלאָפט זי, און עס וואַקסט איהר הערצעל
צו דעם בוים פעסט צו...

קומען ווערעם, שפּייזען זיי זיך
פונ׳ם גרינעם בוים;
און מיט גרינע אויגען שרעקען
זיי אַוועק איהר טרוים...

וויל זי אויפשטעהן און אַנטלויפען
פון דעם ווערים נעסט;
איז צום בוים איהר קינדער הערצעל
צוגעוואקסען פעסט...

רייסט זי זיך מיט אַלע כחות,
צאַפּעלט מיט די הענד;
און איהר יונגע צאַרטע הערצעל,
פון יסורים ברענט.

ביז זי האָט איהר לייב צוריסען
און געלאָזט אַ שטיק
אויפ׳ן בוים... און איז געגאנגען
אין איהר וועג צוריק...

האָט זי נאָכדעם איהרע וואונדען
פון דער ליכט פערשטעלט...
רינט איהר האַרץ-בלוט אונטער קליידער—
זעהט עס ניט די וועלט...

## ביי נאַכט

גאָט האָט איינגעשפּאַנט דעם ווינד
און געלאָזט זיך פאָהרען,
אויף דער גרויסער ווייסער וועלט
צו פערשפּרייטען נאַכט און קעלט
מיט זיין ווילדען צאָרען.

איז מיר אומעדיג אַליין,
מיט די נאַכט געשפּענסטער:
וועלכע טאַנצען דאָ אַרום,
אין מיין צימער אומעדום,
טרייסלענדיג די פענסטער.

וואו צו לויפען האָב איך ניט
פון די ווילדע שרעקען,
ס׳האָט די בייזע נאַכט פון מיר
צוגעשלאָסען יעדענס טהיר;
וועמען זאָל איך וועקען?...

## די כלה ערד

בלימעלעך ווייסע
פון שעהנעם גן עדן,
שיקט גאָט איצט ארונטער
די ערד צו בעקליידען.
ווערט זי אַ כלה
אין ווייסען געקליידט,
איהר בגד איז טהייער
ווייל גאָט האָט גענעהט.
זי האָט אויך בריליאנטען
וואָס גאָט האָט געמאַכט,
זי טהוט זיי נאָר אָן, ווען
עס קומט אָן די נאַכט.

ווער איז איהר חתן?
דער הימעל אַקעגען,
ער וועט צו איהר קומען
מיט טהוי און מיט רעגען.
וועט פון איהר ליעבע
אי״הש זיין,
אַסך אַסך קינדער
געראָטהען און פיין.
און מיר מחותנים
אין פעלצלעך געקליידט,
העי! לאָמיך זיך גליטשען
און הוליען פאר פרייד!

## דער פערליעבטער

רייזעלע די מוהמע חנה׳ס
קען אזוי פיעל זאַכען טהאָן!
זי צעוואשט אַליין די טעלער
און זי גיסט דעם טשייניק אָן.

און זי ווייס ווי טהיי צו מאַכען,
אמת׳דיגע רויטע טהיי;
כ׳האָב אַליין די טהיי געטרונקען
ווען איך בין געווען ביי זיי.

דאָ אין באַק האָט זי אַ גריבעל,
האָסט געזעהן איהר לאַנגען צאָפּ?
און דעם ווייסען שלייף פון זיידענס,
וואָס עס פלאטערט אויף איהר קאָפּ?

מאָרגען געהען מיר זיך גליטשען,
כ׳האָב מיין שליטעלע שוין גרייט;
זעהסט דעם דרויסען דורכ׳ן פענסטער?
אך, ווי שעהן! עס שנייט און שנייט.

כ׳דארף די נאַכט נאָך איבערוואַרטען,
ווייסט ווי לאַנג עס איז אַ נאַכט?
כ׳מיין, אַז גאָט איז ניט קיין גוטער,
וואָס ער האָט אַ נאַכט געמאַכט...

## דער גרויסער דראָגיסט

סלויעס פול מיט צוקערלעך
האָט דער דראָגיסט אויסגעשטעלט
פאר די קליינע קינדערלעך
אַז די מאַמע גיט זיי געלט.

הערט דער דראָגיסט גראבלענדיג
קליינע הענטעלעך ביי׳ן טהיר,
וויים ער, אַז ס׳איז זעלדעלע
געהט ער און ער עפענט איהר.

שטרעקט זי אוים דאָס הענטעלע
מיט אַ שעהנעם בלאנקען סענט,
ערשט געשייערט איהם מיט אַש
און געריבען אָן די ווענט,

פאר׳ן גרויסען שעהנעם מאַן
קוים געמאַכט די פענע בלאנק.
נעהמט ער צו דעם סענט פון איהר
מיט אַ שמייכעלדיגען דאנק.

און ער בויגט זיך צו צו איהר
פרעגט איהר ליעבליך וואָס זי וויל
„יענע ראָזע צוקערלעך."
זאָגט זי איהם פערטרויליך שטיל.

מיט'ן זיסען פעקעלע
בלייבט זי שטעהן אַזוי פערטראכט:
אַך, אַזוי פיעל צוקערלעך
ער אַליין פאר איהר געמאַכט!

ער איז דאָך דער גרעסטער מאַן,
און ווי גוט און שעהן ער איז!
אין די מעשות איז ניטאָ
אַזאַ שעהנער ליעבער ריז...

קוקט דער „דראָגיסט" אָן דאָס קינד
מיט אַ שמייכעל האָניג זיס,
שטעהט זי און בעוואונדערט שטאַרק,
זיינע שלאַנקע הויכע פיס.

ביז'ן הימעל גרייכט ער באַלד,
און זיין שעהנער גרויסער טראט!
שטעהט דאָס קינד פערגאפט און טראכט:
ווער איז גרעסער: ער צו גאָט?...

פון וואַנען...

די מאַמע האָט געוויינט ביינאַכט,
איז פּאַפּאַ אויפגעשטאַנען;
און ער האָט באַלד אַ קינד געבראַכט,
איך וויים גאָר ניט פון וואַנען...

געוויינט האָט ניט די מאַמע מעהר,
דאָס קינד גענומען קושען;
אַ ברודערעל זאָגט פּאַ איז ער,
איהם לייגענדיג צו פוסען.

איך האָב געזעהן ווי ער איז רויט,
און האַלט פערמאַכט די אויגען;
דאָס קעפּעלע פון בלויזע הויט,
די הענטלעך כאַפּט ער זויגען.

פון וואַנען קומט ער דאָ אַהער,
וואו האָט מען איהם גענומען?
די מאַמע זאָגט: פון פעלד איז ער
צו אונז אַהער געקומען.

„אין זומער פעלד וואו לעבען בליהט,
און פייגעל פרעהליך זינגען;
די מאָרגען-זון ביים אויפגעהן גליהט,
און ס׳פליהען שמעטערלינגען.

דאָרט זיינען נעסטען אויסגעשטעלט,
מיט רויטע ראָזע בלומען...
און אַלע קינדער פון דער וועלט,
פון אָט די נעסטען קומען...

אז איך וועל מעגען גערן אַליין,
צו פעלדער וועלכע גרינען...
וועל איך אויך צו די בלומען געהן
און קינדערלעך געפינען...



## דער שלעכטער „דראַגיסט“...

מאַמע נעהט אַ העמדעלע,
איז עס זעהר קליין;
ווער קען זי מאַכען דאָס?
ס׳איז פאר מיר אליין.

נעהם איך אָנמעסטען דאָס העמד,
געהט עס ניט אַרויף.
זאָג איך: „מאַ, עס טויג דאָך ניט.
נעה אַ גרעסערס אויף.“

„נישט פאר דיר איז דאָס מיין קינד“,
זאָגט זי און זי לאַכט.
„פאר אַ קלייננטש ברודערל
האָב איך דאָס געמאַכט.“

„וואו ווער טו איהם נעהמען, מאַ?“
פרעג איך ביי איהר באַלד;
זאָגט זי אַז דער „דראַגיסט“ וועט
ברייגגען איהם פון וואַלד...

וואַרט איך אויף דעם דראַגיסט-מאַן,
קומט ער ניט צוגעהן;
כ׳וואָלט געוואוסט דעם וועג אין וואַלד,
וואָלט איך געהן אַליין.

כ׳וויל ניט ווארטען אַזוי לאַנג,
און איך געה געשווינד
צו דעם „דראָגיסט״-מאַן אַוועק,
און איך בעט דאָס קינד.

כ׳זאָג איהם ס׳איז שוין פארטיג אַלץ,
העמדלעך, ווינדלעך אויך.
קוקט אויף מיר דער „דראָגיסט״-מאַן,
און צולאכט זיך הויך.

געה איך שוין אַהיים צוריק,
און איך וויין, און וויין;
ווייזט מיר ווער דעם וועג אין וואַלד
ווער איך געהן אַליין...

## ניט איינגעהיט

אויף די טרעפּ בין איך געשטאַנען
און איך האָב געהיט,
יעדען ווער ס׳איז דורכגעגאנגען,
צו ער נעהמט ניט מיט
אַ מיידעלע אַ קליינינקע;
וואָס מאמא דארף איהר קריגען
און איך וועל דארפען אַלע מאָל
איהר ניאנטשענען און וויעגען.

איז ארויף די טרעפּ אַ שכנה
האָב איך גוט בעטראכט,
צו זי האָט מיט זיך אַ קליינע
אין איהר קאָרב געבראכט;
און קיינער האָט קיין קינד מיט זיך
צו מאַמען ניט גענומען,
טאָ ווי אזוי איז פאָרט צו אונז
דבורה׳לע געקומען?...

## דאָס שוועסטערל

איך האָב שוין אויך אַ שוועסטערל,
זי איז נאָך אָבער קליין;
זי זויגט איהר אייגען הענטעלע,
און קען ניט געהן אַליין.

זי וועט דאָך אָבער אויסוואקסען,
אַזוי די גרויס ווי איך;
און זי וועט זיין אַ חבר'טע
פאר מיר צו שפּיעלען זיך.

אין איהרע האָר וועט פלאַטערען
אַ גרויסער ראָזער שלייף;
און ס'וועט זיין שעהן צו זעהן, ווי זי
וועט לויפען מיט אַ רייף.

און איך וועל זיין איהר ברודערל,
זיך איינשטעלען פאר איהר:
די קינדער וועלען ציטערען,
צו געבען איהר אַ ריהר.

אַז מאַמע וועט אונז אויספּוצען,
צו געהן אין פּאַרק אַריין;
וועט דוד'ל מיך נאָכקוקען,
און מיך מקנא זיין.

מיר וועלעןביידע פאר די הענד,
ארומגעהן הער און הין,
וועט אַ פּיאַנאָ שטעהן פאר איהר,
פאר מיר — אַ וואַיאָלין.

מיר וועלען ביידע לערנען גוט,
און קענען שפּיעלען שעהן,
וועל איך מיט איהר זיין שטאַרק בעריהמט
און אויף דער ביהנע געהן.

אַ ברודער מיט אַ שוועסטערעל,
ווי שעהן עס וועט דאָס זיין!
אַז מיר׳ן ביידע פאר די הענד
אין קאָנצערט-האָל אַריין.

— — — — — — — — — — — — — — —

דערווייל ליגט דאָרט מיין שוועסטערעל,
און רעדט צו זיך אַליין;
„האַבלוי“ איז גאָר ביי איהר אַ וואָרט,
איך קען עס ניט פערשטעהן.

איך וואָלט אַזוי געוואָלט, זי זאָל
שוין אויסוואקסען ווי איך;
און זי זאָל זיין אַ חבר׳טע
פאר מיר צום שפּיעלען זיך.

## אין „דראָג סטאָר“

אין דראָג סטאָר איז ליכטיג,
און אַלץ איז דאָרט ריין;
דער „דראָגיסט“ אין ווייסען
איז אויסגעפּוצט שעהן.
ער פּאַקט איין מיין פלעשעל
אין ראָזע פּאַפּיר;
און מיידלעך אויף בילדער
זיי לאַכען צו מיר.

דער „דראָגיסט“ איז גוט, און
ער נעהמט מיך אויף פיין;
נאָר דאָרט אין די פלעשלעך,
פאַר וואָס דאַרף דאָרט זיין
די ביטערע זאַכען
פאַר קינדער ווי איך?
אַי, זאָל ער עס האַלטען,
דער „דראָגיסט“ פאַר זיך!

איך וויל בלויז די פלעשלעך,
זיי זיינען דאָך שעהן,
די מעדיצין, זאָל ער
זיך טרינקען אַליין...

## אַ גוטער דאָקטאָר

מאַמע זאָגט: איך זיין אַ דאָקטאָר,
כ׳וויל ניט, איכ׳ל דאָס ניט זיין;
ווייל אַ דאָקטאָר איז אַ שלעכטער,
נאָר ער קוקט אין האַלז אריין.

אַז ער קומט צוגעהן צו קינדער,
שטעלט ער פּאַקען, טהוט עס וועה;
מעדיצינען שווארץ און ביטער,
הייסט ער מאַמעס געבען זיי.

און אין בעטעל הייסט ער ליגען,
ווען די זון אין דרויסען שיינט,
קען מען זיך אין בעט ניט שפּיעלען —
כ׳האָב דערפאר דעם דאָקטאר פיינט.

אויב איך מוזען זיין אַ דאָקטאר,
איך אַ ג ו ט ע ר דאָקטאָר זיין;
איכ׳ל הייסען אַלע קינדער
געהן אין דרויסען, שפּיעלען פיין

טשאָקלאַד וועל איך הייסען עסען,
וויפיעל יעדער אינגעל וויל;
און פון פלעשלעך מעדיציגען,
זאָל מען מאַכען זיך אַ שפּיעל.

פילען ביטערע צום שלינגען,
וועל איך הייסען מאַכען זיס;
און אין דרויסען זאָלען קינדער
אומלויפען מיט הוילע פיס.

אַלע קינדער וועל איך נעהמען
אין מיין „אויטאָביל“ אַריין
און אַליין זיי לאָזען פיהרען,
ווען איך וועל אַ דאָקטאָר זיין..

---

## פיער יאָהר אַלט

איך בין שוין פיער יאָהר אַלט, זאָגט פּאַ,
און קען ןשוין לערנען פיין;
איך קען דעם גאַנצען אלף בית,
אַ רב וועל איך נאָך זיין...

איך וויל אָבער קיין רב ניט זיין,
אַ רב איז אַלט און גרוי...
דער פּאַפּאַ איז אַ שעהנער איד.
וויל איך אויך זיין אַזוי...

## ווען איך וועל זיין גרויס

ווען איך וועל נאָר אַ גרויסער זיין,
וועל איך מיר קויפען טאָרט מיט וויין.
אַ שרייב-טיש און פּאַפּיערען;
וועל טראָגען לאַנגע הויזען, און
וועל אויך זיך געהן ראַזירען;
מיט הענד אין ביידע קעשענעס,
וועל איך מיר געהן שפּאַצירען.

און טראָגען וועל איך געלע שיך,
און זומער וועל איך באָדען זיך,
און וועל זיך ניט פערקיהלען;
אַ צייטונג וועל איך קויפען זיך,
און לעזען איהר מיט ברילען.
איך וועל מיט קליינע קינדערלעך
זיך קיינמאָל מעהר ניט שפּיעלען.

כ'וועל פאָהרען אויף אַ קאַר אַליין,
מיט הנה'ן אין טהעאַטער געהן,
וועל רויכערען ציגאַרען;
און אויב כ'וועל אויפזיין שפּעט ביי נאַכט,
וועט קיינעם דאָס ניט אַרען.
דער פּאַ וועט מיך שוין קיין מאָל מעהר
אין שאַפע ניט פערשפּארען...

## וואָס דוד׳ל וועט זיין

„דוד׳ל וועט זיין אַ דיכטער,"
האָט דער טאַטע זיך געפרעהט;
„ער וועט זיין אַ גרויסער קינסטלער,
זעה נאָר ווי פערטראַכט ער שטעהט!"

„געה, לאָז אָב מיט קינסטלער שמינסטלער,"
מישט די מאַמע זיך אַריין;
„אַט אַ דאָקטאָר וואָלט איך וועלען
אַז מיין דוד׳ל זאָל זיין."

„ניין, אַ דאָקטאָר איז צו איינפאַך,
ס׳מוז אַ קינסטלער זיין מיין קינד;
וועט ער אויף פאַנטאַזיע פליגעל
פליהען ווייטער פונ׳ם ווינד."

„אַז מען האָט קיין פיס צו שפּאַנען,
פאַנטאַזירט מען, אַז מען פליהט...
עי, די פליהענדיגע מענשען
האָבען קיין ממשות ניט.

זאָל מיין זוהן נאָר זיין אַ דאָקטאָר,
וועט ער גרייכען מיט דער האַנד
אי דעם הימעל, אי די שטערען,
אי קאַרעטען גוט געשפּאַנט..."

„אָ, מיין ליעבע ביזט צו פּראַקטיש
שטעל דיר פאַר דאָס גליק דערפון
אַז ס׳וועט זיין אַ גרויסער שטערען
אונזער שעהנער ליעבער זוהן.

אונזער עלטער וועט ער ליכטיג
מאַכען מיט זיין העלען שיין,
יאָ, מיין זוהן מוז זיין אַ קינסטלער!
אַנדערש, אַנדערש טהאָר ניט זיין.“

„לאָז מיין ליעבער, איך וועל פרעגען
וואָס דאָס קינד אַליין וויל זיין,
קום מיין זוהן די מאַמע דאַרף דיך
גיכער, קום אין הויז אַריין!

אָט אַזוי, מיין זוהן, איצט זאָג מיר,
ווילסט אַ דאָקטאָר זיין צו ניין?
אָדער דו ווילסט זיין אַ דיכטער
בלאס און חלומ׳דיג אומגעהן?“

„איך וויל זיין אַ מילך-מאַן מאַמע,
ווייל דאָס איז די בעסטע זאַך;
וועל איך פאָהרען אויף אַ וואָגען,
האָבען פלאַשען מילך אַ סך.

און ווען אַלע מענשען שלאָפען,
ווען עס רעגענט און ס׳איז נאַס;
וועל איך מעגען אויף מיין וואָגען,
אומפאָהרען אַליין אין גאַס...

## אַ גרויסער פערדיענער

אַלע טאָג פערדיען איך געלד,
אוי, ווי רייך איך בין!
ווייסטו וויפיעל איך פערדיען? —
פאר׳ן אָבוואשען די הענט
גיט די מאַמע מיר אַ סענט,
און אַז פאַפאַ זוכט זיין הוט
לויף איך שנעל און איך געפין,
גיט ער מיר דערפאר אַ סענט.
און אַז איך בין זעהר גוט,
קריג איך נאָך אַ סענט פון מאַמען —
ווי פיעל קומט דאָס אוים צוזאמען?

איך קען צעהלען ביז׳ל צעהן,
ווי פיעל געלד האָב איך?
יא, פאר לאָזען קאַמען זיך
קריג איך צוויי סענט מיט אַמאָל,
כ׳זאָל ניט וויינען אויפ׳ן קול;
כ׳האָב פערגעסען, נאָך אַ סענט
פאר׳ן אָנטהאָן די שיך,
און א פעני אז איך זאָל
מעהר ניט שרייבען אויף די ווענט
איכ׳ל געהן ביי מאַמען פרעגען,
ווי פיעל איז איצט מיין פערמעגען?

### אַז מיר׳ן זיין גרויס

אז איך וועל זיין ווי פּאַפּאַ גרויס,
וועסטו די מאַמע זיין;
וועסטו מיט אַ קוישעלע
געהן אין מאַרק אַריין.
איך וועל דאן אויפשטעהן אין דער פריה
און איילען זיך צום באַהן;
און פערדינען געלד אַ סך,
ווי אַ רייכער מאַן.

דאַן וועט מען געהן אין „האַסטיפּעל״,
און קויפען קינדער צוויי;
וועלען זיי ניט פאָלגען אונז,
וועל איך שלאָגען זיי.

אז איך וועל קומען שפּעט אַהיים,
וועל איך גאָר שטיל אַריין...
וועסטו וויינען שטילערהייד,
און אין כעס זיין...

עס וועט דאָך אָבער נעהמען לאַנג,
ביז מיר׳ן ווערען גרויס:
לאָמיר שפּיעלען זיך דערווייל
קום אין גאַס אַרויס!

## דער צווילינג

איך און אונזער וועלוועלע
זיינען דאָך אַ צווילינג,
מ׳האָט אונז אויף אַמאָל געקויפט
איין מאָל אין אַ פריהלינג.

זיינען מיר שוין ביידע גרויס
און מיר קענען זינגען,
און פון גאַניק קענען מיר
אויך ארונטער שפּרינגען.

נעהמען מיר זיך פאר די הענד
זאָגען צו דער מאַמען:
שוין מיר ווילען געהן אין סקוה'ל
אַט אַזוי, צוזאמען.

קושט די מאַמע מיר אין באַק,
וועלוועלען אין שטערען;
און זי הייסט אונז ווארטען ביז
מיר׳ן גרעסער ווערען.

פרעג איך מאַמע׳ן ווי אזוי
קען מען גרעסער ווערען?
זאָגט זי: „אַז מען שלאָפט אַ סך
און מען עסט אַלץ גערען“.

זאָג איך: וועלוועל, קום אין בעט,
לאָמיר שוין געהן שלאָפען!
לייג איך זיך אין בעט אַריין
האַלט די אויגען אָפען.

און איך קוק ווי וועלוועל שלאָפט;
זאָגט ער: „שלאָף געשווינדער!
דען מיר דאַרפען אויסוואקסען
ווערען גרויסע קינדער“.

מאַכט ער פעסט די אויגען צו,
מאַך איך צו נאָך פעסטער;
וויל איך שוין אַ קוק טהאָן ווער
איז פון אונז דער גרעסטער?

זאָג איך: וועלוועל, לאָמיך זעהן
ווער קען וואַקסען בעסער,
נעהמען מיר זיך מעסטען באַלד —
ביידע זיינען גרעסער.

זיינען מיר צו מאַמען באַלד
פרעהליך צוגעלאָפען:
„מאַמע, זעהסט? מיר זיינען שוין
גאָר אַ סך — געשלאָפען!“

## דער קליינער שיך-פּוצער

אויף דער גאַס דעלענסי
קומט הערשעל זונטאג פריה;
גלייך מיט אַלע שיך-פּוצער,
שטעלט ער זיך אויף די קניה.

וואַרט אויף שיך צו פּוצען,
און קוקט אויף אַלע פּים;
הילכט זיין קול׳כעל אין דער לופט
„אַ שו שיין? היער, פּליעז!“

שטעלט זיך נאָר אַ מענש אָב,
וואָס וויל האָבען אַ „שיין“,
איילט זיך הערשעל צו צו איהם,
און רעדט איהם גליקען איין.

„צוויי סענט, מיסטער, מעהר ניט,
איך מאַך עס גוט און גיך;
געהט ניט דאָרט אַהין צו איהם,
ער קען ניט פּוצען שיך.

„כ׳האָב די בעסטע בערשטלעך,
און מאַך די שיך ווי נייע;
כ׳פּוץ די שיך די רייכסטע לייט,
וואָס געהן דאָ פערביי“...

כאַפּט ער באַלד דעם קונד אָן,
און לאָזט איהם שוין ניט אָב;
פיהרט איהם צו צום קעסטעלע,
און בויגט זיך באַלד אראָב.

כאַפּט מיט פּליים די בערשטלעך,
און שמירט די שיך באַלד אָן;
נאָך אַ פּוץ, האָט ער צוויי סענט,
וואָס וועט ער מיט דעם טהאָן?

וויל ער, קען ער קויפען
אַן אויטאָפּעד פאַר זיך;
וועט מען איהם מקנא זיין...
עס לויפט דאָך אַזוי גיך.

יאָ, ער וועט דאָס קויפען,
דאָס איז די בעסטע זאַך;
דאַרף מען אָבער סענטען נאָך,
פערדינען גאָר אַ סך...

פּוצט ער שנעל די שיך אָב,
און פרעהט זיך מיט דעם געלד;
חלומ׳ט פון אַן אויטאָפּעד,
און ער אויף איהם, דער העלד...

אַ שיך פוצערס חלום

אַ רייכער פוצט ניט זיינע שיך.
ביי קליינע אינגעלעך, ווי איך.
ער געהט אין שיך וואָס זענען ניי
און געהט דאָ קיינמאָל ניט פערביי.
ער פאָהרט אין זיין אטאָמאָביל
און קויפט זיך אַלצדינג, וואָס ער וויל.

אַז איך וועל נאָר א רייכער זיין,
וועל איך ניט מאַכען מעהר קיין „שאַין".
מיט פולע קעשענעס מיט געלד
וועל איך ארומפאָהרען די וועלט.
און אינגעלעך וואָס פוצען שיך
וועל איך אַהיים נעהמען צו זיך.

זיי געבען אָבעסען ביי מיר
און פיהרען זיי אויף אַ שפּאַציר;
זיי געבען טשאָקאָלאַד אַ פונט
און זאָגען: „קינדער, עסט געזונד".
דערנאָך וויל איך זיך טהאָן אַ יאָג
און נ ע ה מ ע ן „שאינס" אַ גאַנצען טאָג.

כ׳וויל ניט פאָהרען

פּאַפּאַ איז אַריין געקומען,
מיט אַ צייטונג אין דער האַנד,
און ער האָט באַלד אויסגעשריען:
„הי, איך פאָהר אין רוסענלאַנד!“

זאָגט די מאַמע: „יאָ, מ׳וועט פאָהרען!“
און זי פרעהט זיך אַזוי היינט;
זאָג איך צו מיין נייע ליאלקע:
„ראָזי, איך האָב רוסלאנד פיינט!“

שמייכעלט זי, און בעט זיך שלאָפען,
לייג איך זי אין בעט אַריין;
און איך זאָג דער מאַמען: „פאָהר ניט!
כ׳קען ניט אָהן אַ מאַמען זיין“.

זאָגט די מאַמע: „כ׳נעהם דיך אויך מיט,
וועט מען פאָהרען אויף אַ שיף.“
זאָג איך: „מאַמע, איך האָב מורא,
ס׳איז דאָס וואַסער אַזוי טיעף!

„ס׳קען די שיף מיט אַלע מענשען
פאַלען אינ׳ם ים אַריין,
האָב איך מורא, כ׳וויל ניט פאָהרען,
לאָמיר דאָ אין האַרלעם זיין“.

דריקט מיר צו צו זיך די מאַמע:
„דארפסט ניט שרעקען זיך, מיין קינד:
שיפען האָבען היינט קיין מורא
פאר'ן גרעסטען שטורעמווינד."

בעט איך ווידער זיך ביי מאַמען:
„פאָהר פון דאנען ניט אַוועק!
ווייסטו ניט, אין רוסלאנד געהען
גוים אום מיט הינד און העק?

„באָבען האָבען זיי געשלאָגען,
האָסט דאָך מיר דערצעהלט אַליין,
און זי איז דערפון געשטאָרבען —
מאַמע, כ'וויל ניט פאָהרען, ניין!

„אויב דו פאָהרסט און לאָזט מיך איבער
דאָ אליין אין אונזער הויז,
פאַק איך מיין נייע קליידעל
און איך מוז זיך באַלד אַרויס."

## די יתומה

כ׳האָב קיין טאַטע מאַמע ניט,
איז מיר אומעדיג אַליין;
קיינער פרעגט ניט וואָס מיר איז,
קיינער הערט ניט ווען איך וויין...

טאַנטעס האָב איך גאָר אַ סך...
נאָר זיי אַלע וואוינען ווייט...
און אַן אנקעל האָב איך אויך,
האָט ער ניט פאר מיר קיין צייט...

כ׳האָב דערפאר מיין אָנקעל פיינט,
געהט ער גאָר אַוועק פון מיר;
בין איך גאָר אַליין אין הויז,
הער זיך צו צו קלינגט די טהיר...

כ׳הער מען קלינגט אין צווייטען הויז...
נאָר אין מיין טהיר קלינגט מען ניט,
האָב איך סיי ווי מענשען פיינט...
קוק איך ווי אַ פויגעל פליהט...

עלענד

מאַמע געהט אַוועק ביי נאַכט,
איז מיר אומעדיג אַליין;
ליג איך אין מיין בעטעלע,
רוף איך מאַמען און איך וויין.
קומט די דיענסט צו מיר אַריין,
וויל איך לעבען איהר ניט זיין;
זי איז ניט מיין מאַמע, ניין,
וויל איך בעסער זיין אַליין.

כ׳וויל מיין מאַמע׳ן — שריי איך הויך,
געה און רוף זי, בעט איך איהר.
געהט זי רופען, וויין איך שטיל
און איך הער זיך צו צום טהיר:
כ׳וויל דערהערען מאַמע׳ס טריט
און די מאַמע קומט אַלץ ניט;
הער איך ניט דער מאַמע געהן
ליעג איך און איך וויין און וויין.

## נאַכט שרעק

די נאַכט אויף מיין פענסטער
דערשרעקט מיך: „בו בו!
דו האָסט ניט קיין מאַמען,
דערפאר קום איך צו,
דיך אויפצואווועקען,
דיך צו דערשרעקען,
אויסמאָהלען שדים,
ניט לאָזען צו־רוה.“

בעהאַלט איך זיך אונטער
די וואַרימע דעק,
עס זאָל מיך ניט גרייכען
די פינסטערע שרעק:
ביז עס נעהמט טאָגען,
די נאַכט צו פעריאָגען;
שלאָף איך איין רוהיג,
די נאַכט איז אַוועק...

אונ זאָל ער וויסען

פאר וואָס מיין אָנקעל יוסף
איז ניט געקומען היינט
עס איך ניט קיין „סאפּער״
אונ אַלצדינג האָב איך פיינט.

אויף מאָרגען מיינע לעסאָנס
האָב איך נאָך ניט געמאַכט,
אונ איך געה ניט שלאָפען
כ׳על וויינען היינט ביי נאַכט.

איך האָבען רויטע אויגען,
ביז מאָרגען אין דער פריה;
זאָל מיין אָנקעל וויסען
ער קומט דאָך ניט סיי ווי.

אונ מאָרגען וועל איך אויסטהאָן
די זאָקען אונ די שיך,
כ׳וועל ארומגעהן באָרוויס
אונ שטאַרק פערקיהלען זיך.

איך וועל נאָך אפשר שטאַרבען
ווען איך וועל ווערען קראַנק,
זאָל מיין אָנקעל וויסען
פאר וואָס ער זאמט זיך לאַנג...

מיט׳ן בעזים

טריפ טראפ! און טריפ טראפ, אין די גאַסען,
קוק איך פון פענסטער ווי שעהן;
מיט גאָלדענע קנעפּ אין די קליידער,
קומען סאָלדאטען צו געהן.
מיט שפּיציגע שטעקענס אין רייהען,
געהען זיי אלע פארביי;
עס ביגען זיך שורות מיט קניהען,
צייהל איך צום טאַקט, איינס, צוויי, דריי.

שנעל, מאַמע, איך וויל זיין אַ זעלנער,
פיהר מיך צו זיי איצט אַרויס;
איך וויל ניט אַזוי לאנג נאָך וואַרטען,
ביז איכ׳ל אויסוואַקסען גרויס;
פארוואָס וויל מען קינדער ניט נעהמען?
כ׳קען אויך מאַרשירען אין רייה:
לעפט רייט! אָט אַזוי מ י ט ׳ ן  ב ע ז י ם,
בין איך אַ זעלנער ווי זיי.

מיין קינד, שטעל אַוועק באַלד דעם בעזים,
יעסט נאָך צוברעכען ס׳געשיר;
און לויף מעהר ניט קוקען צום פענסטער,
קום אַהער בעסער צו מיר!

וועל איך דיר מיין קינד באַלד דערציילען,
דאָס וואָס דו קענסט ניט פערשטעהן;
עס דארפען, מיין קינד, די סאָלדאטען
אין דער מלחמה באַלד געהן.

דו זעהסט אָט די שפּיציגע שטעקענס?
ס׳געהט ארוים פייער פון דאָרט;
אז ס׳קומען סאָלדאטען צוזאמען,
אויף אַזאַ בלוטיגען אָרט,
איז דאָרטען די לופט פול מיט פייער,
לויפט דאָרט דער טויט שווארץ און גרוים;
און ברענט אָפּ די קעפּ פון די זעלנער,
פאלען זיי טויטע באַלד אוים".

אוי מאַמע, איך האָב אַזוי מורא,
שוין, שוין, דערצעהל מיר ניט מעהר;
עס דאכט מיר זיי קומען מיך נעהמען,
לאָז זיי ניט קומען אַהער,
מען נעהמט ניט קיין קינדער פאר זעלנער,
גוט וואָס איך בין נאָך ניט גרוים;
איך וויל בעסער זיין אַ קליין אינגעל,
קוקען פון פענסטער ארוים...

## דער פּאָסט-מאַן

„פּאָסט-מאַן, פּאָסט-מאַן“, בעט איך זיך,
כ׳וועל אַ גוטער אינגעל זיין;
לייג אין אונזער קעסטעלע
אויך אַ בריעף אַריין.

קוקט דער פּאָסט-מאַן ניט אויף מיר,
קלייבט די בריעף פון גרויסע פּעק;
פילט ער פרעמדע קעסטלעך אָן,
און ער געהט אַוועק.

שריי איך: „ביזט אַ שלעכטער מאַן!
זעה נאָר וויפיעל בריעף דו האָסט,
און ביי אונז אין קעסטעלע
ניט איין בריעף געלאָזט...“

לאכט ער זיך גאָר אויס פון מיר,
געהט אַריין אין צווייטען הויז;
באָבעס בריוועלעך פאר מיר,
גיט ער ניט אַרויס...

## הענדעלע מיט מענדעלען

הענדעלע מיט מענדעלען
נעהמען זיך און לויפען;
מאַמע האָט דערלאנגט אַ סענט,
צוקערלעך צו קויפען.

שוין, די צוקערלעך געקויפט,
דארף מען איבערציילען;
„דיר אַ העלפט, און מיר אַ העלפט,
וועט מען זיך צוטהיילען.

„ווייסע, ראָזע צוקערלעך,
ראָזע זיינען בעסער;
וועט די ראָזע זיין פאר מ י ר,
ווייל איך בין דאָך גרעסער.“

„איך וויל אויך די ראָזע, געה!
ביזט אַ שלעכטע, הענדעל;
כ׳וויים דו האָסט היינט אויפגענאַשט
גאָר די שמאַנט פון פענדעל.“

„מענדעלע, קאַפּענדעלע,
געה אַוועק פון דאנען!
מיינסט איך האָב דיך ניט געזעהן?
ביזט אין קיך געשטאַנען.

האָסט געכאפּט אַ מאַלינע
פון די הייסע שיסעל,
און פון גרויסען טאָפּ האָסטו
אויך גענאַשט אַביסעל".

„גיב אַהער די צוקערלעך!
איכ'ל זאָגען פּאַפּאַן—"
גיט זיך מענדעלע אַ וואָרף
הענדעלען צו דראפּען.

רייסען זיי זיך פאר די האָהר,
זידלען זיך מיט צאָרן;
און דערווייל די צוקערלעך
האָבען זיי פערלאָרען.

לויפט די מאַמע באַלד אַרויס,
הערט מען אויף זיך שלאָגען;
איינער אויף דעם אַנדערען
נעהמען זיך בעקלאָגען.

זאָגט די מאַמע: „וואַרט, קיין סענט
וועט איהר מעהר ניט קריגען,
גלייך אין בעט זאָלט איהר אריין,
שטיל און רוהיג ליגען!"

ליגעןביידע באַלד אין בעט,
וויינען פאר דער מאַמען;
ביז זיי ווערען שלעפעריג;
שלאָפען איין צוזאמען.

### דעם זיידענ׳ס טאַבאַק-פּושקע

זיידע, ווייז דיין טאַבאַק פּושקע,
איך וויל אויך אַ שמעק;
„גיי, דו ביזט אַ שטיפער״, זאָגט ער,
און ער גייט אַוועק.
טראַכט איך אַז דער זיידע ט׳שלאָפן,
קיינער וועט ניט זיין,
וועל איך אויף די שפּיצן פינגער
אין זיין שטוב אַריין,

אויסזוכן די פּושקע טאַבאַק
אין זיין לאַנגן ראָק,
אָנמעסטן די גרויסע ברילן,
אומגיין מיט זיין שטאָק.
טאַבאַק וועל איך קענען שמעקן,
וויפיל נאָר איך וויל;
וועל איך אויסזען ווי אַ זיידע,
אי, אַ שענער שפּיל!

שאַ, דער זיידע מוז שוין שלאָפן,
בין איך באַלד ביי׳ם טיר;
שפּאַן אריין צו איהם אין קאַמער,
ס׳הערט זיך ניט קיין ריהר.
כאַפּ איך זיידע׳ס ראָק פון בעטעל,
זוך די טאַבאַק אויס,
נעם דעם שטעקן און די ברילן,
און איך גיי אַרויס.

שטעל איך זיך אַקעגען שפּיגעל,
אין דעם זיידענ׳ס ראָק;
מיט די ברילען אויף די אויגען,
אין מיין האַנד דעם שטאָק.
ווייל איך עפענען די פּושקע,
קען איך ניט, ס׳איז שווער;
רייס איך זי מיט אַלע כחות,
דרעה זי הין און הער.

ביז עס רייסט זיך אויף דאָס דעקעל,
מיט אַ גרויסען פּראַל;
פליהט אין נאָז, און אין די אויגען,
טאַבאַק ביטער גאַל!
האַפּטשי! האַפּטשי! זיידע! זיידע!
גיכער קים אַהער!
האַפּטשי! אוי, די אויגען! זיידע!
כ׳וועל ניט טהאָן דאָס מעהר!

קומט דער זיידע שנעל צו לויפען,
„האַפּטשי! וואָס איז דאָס?“
אוי מיר ביטער אין די אויגען,
ביטער דאָ אין נאָז!
„זעהסט?“ זאָגט ער, „׳עסט נאַשען טאַבאַק,
אַז דער זיידע שלאָפט?“
כ׳ווייס, איך בין געווען אַ שלעכטער,
האָט מיך גאָט געשטראָפט...

## די קליינע מאהלערין

כ׳וויל מיין ליאלקע זאָל זיין שעהנער,
וואש איך איהר דאָס פּנים אָב;
וויל זי ניט און הייבט אָן וויינען,
געהט פון איהר די פארב אַראָב.

געה איך זוכען פּאַפּאַס פארבען,
כ׳ווייס, ער האָט אַ גאַנצען טאַץ;
וועל איך מאַכען רויט מיין ליאלקע,
און אַ פארב טהאָן אונזער קאַץ.

קעצעלע וועט זיין צופריעדען,
ווייל זי וועט דאָך אויסזעהן שעהן;
כ׳וועל מיין רויטען שלייף איהר אָנטהאָן,
און מיט איהר שפּאצירען געהן.

שוין איך האָב שוין פּאַפּאַס פארבען,
פארב איך באַלד דער ליאלקע אָן;
ליאלקע לאָזט זיך, אבער קעצעל,
כ׳ווייס ניט וואָס מיט איהר צו טהאָן.

פורשקעט זיך, און לאָזט ניט פאַרבען,
רייסט זיך, שפּרינגט ביי יעדען ריהר;
ביז דער טעצעל מיט די פארבען,
קערט זיך אויס, און פאַלט אויף מיר.

ווערט פערפלעקט מיין ווייסע קליידעל,
און מיין פּנים ווערט בעשפּריצט;
בין איך שעהנער מיט די פארבען,
וועל איך געהן אין דרויסען איצט.

נעהם איך קעצעלען און ליאלקען,
און מיר מאַכען אַ שפּאציר;
לאכען אלע אין די גאסען,
און זיי קוקען גלייך אויף מיר.

מאַמע פארבט זיך אויך דאָס פּנים,
ווען זי געהט פון הויז אַרויס;
און דער פּאַפּאַ מאַכט דאָך, פון די
פארבען גאַנצע מענשען אויס.

און אז פּאַפּאַ מאַכט אויס מענשען,
זעהען זיי גאָר מיאוס אויס;
לאכט ניט קיינער, ס'איז מסתמא,
ווייל אַ פּאַפּאַ איז שוין גרויס.

נאָר מיך אַרט ניט, ליאלקען אויך ניט,
ביז מיר טרעפען מאַמען אָן;
„אוי אָן אומגליק!" נעהמט זי שרייען,
„זעה וואָס דו האָסט אָבגעטהאָן?"

און זי לאכט אין מיט'ן שרייען,
כ'ווייס ניט, כקען דאָס ניט פערשטעהן;
מאַמע מעג אָן אָנגעפארבטע,
אַלע מאָל שפּאצירען געהן?...

פֿאָפּאַס טינט

איך קוק זיך טיף איין,
אין טינטער אַריין;
וואו זיינען די ווערטער געוועזען,
וואָס פּאַפּאַ געפינט,
אין פלעשעלע טינט;
פאר מעשות צו שרייבען און לעזען.

איך זעה ניט קיין ארט,
וואו ס׳קען זיין אַ וואָרט;
וואו האָט ער די ווערטער גענומען?
נאָר כ׳ווייס פּאַפּאַ קען,
אַ טונק טהאָן די פען;
אזוי, אַז די אות׳עלעך קומען.

און איך ווייס אַז ווען,
איך טונק איין די פען;
ווי פּאַפּאַ ווען ער האָט געשריבען,
וואָלט איך אויך ביי מיר,
אויף ווייסע פּאַפּיער;
פון טינטער די ווערטער געקליבען.

איך טונק די פּען טיעף,
צו שרייבען אַ בריעף;
איך וועל באַלד די ווערטער געפינען.
נאָר מיט אַמאָל ווערט,
די טינט אויסגעקערט;
און הייבט פון טיש אַראָב רינען.

די מאַמע וועט דאָך,
מיך שלאָגען דערנאָך;
בין איך צו מיין בעטעל אַנטלאָפען.
איך וויים מאַמע וועט,
מיך זעהן אין מיין בעט;
און מיינען, אז איך בין געשלאָפען...

## מענדעלע נאַשער

אָבגעגעסען טשאָלענט,
ליגט אַ ספר אָפען;
זיצט דער טאַטע לערענט,
געהט די מאַמע שלאָפען.
זינגט דער פרומער טאַטע,
רוהט אין הויז די שכינה;
הערט זיך איין די מאַמע,
קוועלט פון דער נגינה.

שלאָפט זי איין צופרידען,
אויפ׳ן ווייסען קישען:
זיצט און חלומ׳ט מ ע נ ד ע ל
פון די זאַפט לאַדישען,
ס׳איז דאָ פולע סלויעס,
וויל ער בלויז אַביסעל;
געהט ער צו דער מאַמען
אויסזוכען דעם שליסעל.

שוין, דעם שליסעל האָט ער,
מאַמע וועט ניט הערען;
וועט ער זאפט זיך נעהמען
ווי פיעל ער׳ט בעגעהרען.

געהט ער צו צום אַלמער
נעהמט איהם אָפען מאַכען;
שטעהען ה ו י ך די סלויעס,
מיט די זיסע זאכען.

איז ער אויפ׳ן אַלמער
נאָר ארויף געקראָכען,
טראַך! פאַלט אום דער אַלמער;
אַלעס ליגט צובראָכען.
כאַפּט זיך אויף די מאַמע,
נעהמט צום אַלמער לויפען;
לויפען אויפ׳ן וואונדער,
שכנים פון די הויפען.

קוקט מיט צער דער טאַטע,
גלעט דאָס שווארצע בערדעל;
ליגט דער גרויסער אַלמער,
ווי אַ טויטער פערדעל
טעפּ צובראָכען ליגען,
זאַפּט, און שמאַלץ צוגאָסען;
זיפצען אָב די שכנים,
ס׳האָט זיי אויך פערדראָסען.

רעדט זיך אוים די מאַמע,
פאר די גוטע שכנים;
„אוי! אַזאַ מין אומגליק,
זאָל ניט טרעפען קיינעם!“
אינ׳ם גאַנצען שטעדטעל,
איז מען אויסגעלאָפען;
מענדעלע דעם נאַשער,
האָט מען ניט געטראָפען.

## איצט איז שפּעטער...

„זעה נאָר ווי צופלאַמט דו ביזט!
וואָס איז מיט דיר געשעהן?
„גאָר נישט, מאַמע, איך בין איצט
ביי מאַטעלען געוועזן.

„מיר דאָרט גאָרנישט ניט געטהאָן,
געשפּיעלט אין פערדלעך בלויז;
נעהמט זיין מאַמע, און זי טרייבט
מיך גאָר ארויס פון הויז!

„איך האָב בלויז געשריען: „וויאָ!“
אויף מאָטלען רייטענדיג,
האָט די קליינע אסתר׳ל
זיך אויפגעכאַפּט אין וויעג.

„האָבען מיר גאָר שטילערהייט
געוואָלט בעהאַלטען זיך,
האָט מיך מאָטעל פאַר דער האַנד
אריינגעפיהרט אין קיך.

„האָבען מיר געפונען דאָרט
אַ פלעשעלע מיט וויין.
זאָגט ער: „ווילסט אַ ביסעלע?
איך גיס דיר באַלד אריין“

„קריכט ער אויף דער פּאָליצע,
אראָבנעהמען אַ גלאָז;
גיט ער באַלד א פאל אראָב,
צוקלאפּט זיך שטאַרק די נאָז.

„זעה איך בלוט, דערשרעק איך זיך
און לויף ארום אין הויז,
פאלט דאָס פלעשעל אויף דער ערד,
און ס׳גיסט די וויין זיך אויס.

„הער איך מאָטעל שרייט: „מיין נאָז!“
און איך שריי מיט איהם אויך;
שרעקט זיך אסתר׳ל אין וויעג,
און זי צושרייט זיך הויך.

„ביז זיין מאַמע האָט דערהערט,
און איז אין הויז אַריין;
האָט זי אונז באַלד איינגעשטילט
און אויסגעווישט דעם וויין.

„נאָכדעם האָט זי מיר געזאָגט:
„אַהיים! אַהיים! געה גלייך!
שפּעטער וועסטו קומען דאָ,
איך האָב קיין רוה פון אייך.“

„זאָלסט מיין קינד ניט געהן אַהין,
זי איז געווען גערעכט:
האָסט געטומעלט און געשטיפט,
געוועזען ווילד און שלעכט.“

„אָבער איצט וועל איך זיין שטיל,
איך וויל דאָרט ווידער גען,
ס'איז מיר אומעדיג, איך קען
ניט שפּיעלען זיך אַליין."

„רוה זיך אויס, וועסט שפּעטער געהן,
דו ביזט אַזוי דערהיצט."
„כ'וויל ש ו י ן געהן צו מאַטעלען,
עס איז שוין ש פּ ע ט ע ר איצט"

## דאָס פערדעלע

אַ פערדעלע אַ קליינינקען,
מאַמע מיר געקויפט;
שטעל איך איהם אויף דר׳ערד אַוועק
זעהן ווי שעהן ער לויפט.
אַז דאָס פערדעל ריהרט זיך ניט,
ציה איך איהם ביין עקעלע,
טרייב איהם מיט אַ שטעקעלע;
בלייבט דאָס פערדעל אַלץ נאָך שטעהן
און ער וויל פון אָרט ניט געהן.

די גרויסע פערדלעך זיינען אויך
פונקט אַזוי געמאַכט,
און זיי לויפען זעהר שנעל;
שטעה איך און איך טראַכט,
וואָס מיט פערדעלען צו טהאָן.
רייס איך איהם די אויגען אויס,
נעהם איהם באַלד די פיס אַרויס
אַז ער זאָל ניט קענען שטעהן,
אפשר וועט ער איצטער געהן.

## מאַטעלע

די מאַמע איז אַוועק אין גאַס,
און איך בלייב גאָר אַליין;
ווייל איך אַ קוק טהאָן אויפ'ן טיש,
וואָס אויבען קען דאָרט שטעהן.

די מאַמע האָט דאָרט אָנגעגרייט
די מילכיגע געפעס;
אַ פולע קריגעלע מיט מילך,
די פוטער און די קעז.

און ווער ווייס וואָס דאָרט איז נאָך דאָ!
איך מוז דאָס טאַקע זעהן...
דער טיש איז אָבער זעהר הויך,
און איך בין זעהר קליין!

גיב איך אַ ציה דאָס טישטוכעל,
און באַלד גיט עס אַ הילך —
געפאלען איז דאָס קריגעלע,
צוגאָסען זיך די מילך!

די מילך האַלט אין איין גיסען זיך.
פון טישעל גלייך אַראָב,
דאָס קריגעל פאַלט ארויף אויף מיר,
און שלאָגט מיר אָב דעם קאָפּ.

פאַר מאַמען שרעק איך זיך אַזוי,
דען זי קומט באַלד דאָך אָן.
איך וויש מיין נאַסע קעפּעלע,
און ווייס ניט וואָס צו טהאָן.

דערהערט זיך באַלד די מאַמעס טריט,
בעהאַלט איך זיך מיט שרעק;
איך וועל איהר גאָר ניט אויסזאָגען,
וואו איך בין איצט אַוועק..."

די מאַמע עפענט נאַר די טהיר,
דערהערט זי מיט אַמאָל,
ווי מאַטעלע פון ווינקעלע,
צוואוויינט זיך אויפ'ן קול...

„מופינג“

אומגעדרעהטע בענק און טישען,
ליגען אויף דער ערד;
און אַ וויעג-שטוהל איז דער וואָגען,
מענדעל איז דאָס פערד.
פּאַקען אַלע אויפ׳ן וואָגען
איילענדיגערהייד,
עטעל טראָגט דעם גרויסען טשייניק
און איהר נייע קלייד.

„אַלעס, אַלעס אויפ׳ן וואָגען!“
שרייט דער פורמאַן אויס,
שטעהען אָפּען אלע שאפעס
און מען נעהמט אַרויס
אַלע וועש און אַלע קליידער
און מען פּאַקט אין פּעק.
פאָהרט דער וואָגען פול מיט זאַכען
לעבען טהיר אַוועק.

אומגעדרעהט אן אַנדער וויעגשטוהל
ברענגט מען באַלד אַהער;
טעפּ און שיסלען בלאַנקע לייכטער
און דער מאַמעס שער.
קומט אַן זעליג מיט אַ טינטער
און מיט פּאַפּאַס בוך,
ברענגט צו זעלדע מאַמעס פאַרטוך
און אַן אַלטען שוך.

פאַקט דער פוהרמאַן איין די זאכען,
אלץ געהט גוט און פיין;
פלוצלונג פאלט ביין טהיר דער וואַגען,
מאַמע קומט אַריין.
מיינט די מאַ זי האָט פערבלאָנדזשעט
אין אַן אַנדער הויז,
אַלץ איז דאָ אַזוי צואַקערט;
געהט זי באַלד אַרויס.

זוכט איהר נומער און געפינט ניט
אויף אַן אַנדער טהיר,
און זי הערט איהר עטלען שרייען:
„גיכער מענדעל פיהר!“
ווערט די מאַמע גאָר צוטומעלט,
טראכט: וואָס קען דאָ זיין?
עפענט זי די טהיר אויף לאַנגזאם
און זי קוקט אַריין.

„קינדער, אָט איז די מאַמע!“
שרייט באַלד מענדעל אוים;
און די מאַמע כאַפּט אַ שטעקען,
טרייבט פון הויז אַרוים;
אַלע פרעמדע קליינע שטיפער,
איהרע שלאָגט זי אָן;
זאָלען זיי געדענקען, ווי דאָס
נאָך אַמאָל צו טהאָן...

## דער אָרקעסטער

צירעל קלאַפּט אין קאַפע-קאַן,
זעלדע קלאַפּט אין טאָפּ;
שמונ׳ס פידעל איז דער בעזים
צוגעשפּאַרט צום קאָפּ.

„טרו-טרו" טרובעט מענדעלע
אין א פלאַש פון ווייַן,
הירשעל מיט׳ן נייען גאָפּעל
וועט קאָנדאָקטאָר זייַן.

שרה אַ פערשפּעטיגטע
קומט אָן מיט אַ דשין,
איז די האַרמאָניע שוין פאַרטיג
שפּאַנט מען הער און הין.

„קליפּ קלאַפּ קלין קלאַן טרו-טרו דזשין!"
שפּיעלט מען שטיל און פיין...
כאַפּט זיך וועלוועל אויף אין וויעגעל
מישט זיך אויך אַריין.

„אוהואַאַ" שרעקט ער זיך,
צאַפּעלט זיך אין וויעג;
און די חברה האַקט די כלים,
געהט מאַרשירענדיג.

אַלע קינדער אויפגעוועקט
אינ׳ם גאַנצען הויף,
ווערען שכנים שטארק אין כעס
לויפען זיי ארויף.

קלאפּען אין די טהירען שטאַרק,
הערט זיי קיינער ניט;
און עס שאָקעלט זיך דאָס הייזעל
פון דער חברה׳ס טריט.

„טרו-טרו קליפּ קלאפּ קלין קלאן דזשין!"
רוישט ווי אין אַ מיל,
ביז עס קומט אריין די מאַמע
ווערען אַלע שטיל.

זוכט די מאַמע איילענדיג
„וואו קען זיין דער סטרעפּ!"
נעהמען זיי זיך באַלד צולויפען
פאר דער מאַמעס קלעפּ.

אַלע ווי פערשולדיגטע,
נעהמען זיך צונויף;
שפּעטער, אויף די שפּיצען פינגער
קומען זיי ארויף.

יעדער לייגט זיך אין זיין בעט
שטילערהייד אריין,
שווערט אַז מעהר וועט ער ניט טומלען
נאָכדעם שלאָפט ער איין.

גלעקלעך

אויפ׳ן וואָגען גלעקעלעך,
קלינגען זיי כסדר;
איך מיט טאַטען פאָהרען מיר,
קויפען אַלטע קליידער.

געהט דער טאַטע נאָר אראָב,
פונ׳ם הויכען וואָגען:
כאַפּ איך באַלד די לייצעס אָן,
נעהם דעם פערדעל יאָגען.

שרעקט זיך אונזער אַלטער פערד,
הויבט ער אָן צו שפּרינגען:
און די גלעקלעך גלין-גלאָן-גלאָן,
נעהמען שטאַרקער קלינגען.

היפּ-האָפּ! גלינגען מיר אַוועק,
אין אַ גאַס אַ נייע;
כ׳בין דער גאַנצער בעל הבית,
אַך, ס׳איז אַ מחיה!

פאר׳ן טאַטען האָב איך שוין
איצטער ניט קיין מורא,
כ׳קען שוין איצטער פּונקט ווי ער
קויפען אַלטע סחורה.

קוקען קינדערלעך ווי איך
בין שוין גרויס געוואָרען,
גיב איך זיי אַ וואונק: „אַהער!"
„קומט איהר'ט אויכעט פאָהרען!"

קינדערלעך פון גאנצען גאַס,
לויפען צו מיין וואָגען:
מיט אַ ליארעם „הו האָ האָ!"
נעהמען מיר זיך טראָגען.

פלוצלונג הער איך אַ געשריי:
„וואַרט דו שייגעץ איינער!"
זעה איך אַז דער טאַטע לויפט,
מיט אַ זעקעל ביינער.

ווארט איך ניט אויף טאַטעס קלעפּ,
שפּרינג אַראָב פון וואָגען;
לויפט דער טאַטע נאָך נאָך מיר,
קען מיך ניט דעריאָגען.

שפּיעלען מיר אין קאַץ און מויז,
ביז איך פאַל אַנידער;
נעהמט דער טאַטע שלאָגען מיך:
נעהם איך לויפען ווידער.

לויף איך גאָר אַ היים אַוועק,
בעט דער מאַמען עסען:
שרייט די מאַמע אָן אויף מיר:
„נאָר זיי ווילען פרעסען!"

„כ׳האָב היינט גאָר נישט ניט געקאָכט,
כ׳האָב ניט וואו צו נעהמען;
זעה נאָר ווי פערשמירט דו ביזט,
פע, דו מעגסט זיך שעהמען!“

האָב איך פיינט די מאַמעס רייד,
ווען זי נעהמט מיך שטראָפען;
כ׳וואָלט געהאַט אַ מוציא ברויט
וואָלט איך גאָר אנטלאָפען.

## דאָס נייע קלײדעל

אין מיין נייע ווייסע קלײדעל,
טהוט די מאַמע היינט מיך אָן;
טאָר איך עס דאָך ניט פערפלעקען,
קען איך זיך קיין ריהר ניט טהאָן.

וויל איך זיך אין דרויסען שפּיעלען,
באַקען קיכעלעך פון ליים;
לאָזט די מאַמע ניט ארויסגעהן,
מוז איך זיצען אין דער היים.

אויף אַ שטוהל אַזוי ווי מאַמע,
מיז איך זיצען שטאָלץ און גלייך;
און איך טאָר אין וואַנע וואַסער,
זיך ניט שפּיעלען אין אַ טייך...

אויף דער ערד וויל איך זיך זעצען,
מיט די קאַץ זיך שפּיעלען פיין;
„ניטע, ניטע!“ זאָגט די מאַמע,
„זעה, דו שמירסט דיין קלײדעל איין!“

נעהם איך אויף מיין קניה די קעצעל,
און איך גלעט אַזוי איהר קאָפּ;
זאָגט די מאַ: „דו קנייטשסט דיין קלײדעל,
גיכער, לאָז די קאַץ אַראָב!“

קען איך זיך מיט גאָר ניט שפּיעלען,
געה איך נאַשען שטילערהייד;
נעהם איך זופּען מילך פון קריגעל,
און בעגים די נייע קלייד...

האָב איך מורא פאר דער מאַמע׳ן,
טהו איך גאָר מיין קליידעל אויס,
און די מאַמע זאָל ניט זעהען,
געה איך שטיל פון הויז אַרויס.

כ׳וויל ניט מעהר די נייע קליידעל,
כ׳טהו מיין אַלטע קליידעל אָן,
וועל איך קענען געהן אין דרויסען,
שפּיעלען זיך, אַלדינג טהאָן...

אַלע מאָל געווען

אַז די מאַמע שלאָגט מיך אָן,
וויל איך צו דער באָבע פאָהרען,
זאָגט די מאַמע: כ׳מוז דאָ זיין,
ווייל זי האָט דאָך מיך געבאָרען.

איך בין אַלעמאָל געווען...
וואָס האָט זי געדארפט מיך האָבען?
ועט זי שלאָגען מיך אַמאָל,
פאָהר איך באַלד אַוועק צו באָבען.

בוי איך מיר אַ שיף דערוייל,
און איך גרייט זיך שוין צו פאָהרען.
באָבע וועט זיך וואונדערען:
„זעה, ווי גרויס ער איז געוואָרען.“

---

די קליינע

כ׳וויל אין דרויסען זיין מיט קינדער,
און מיט בלאָטע זיך איינשמירען;
זאָגט די מאַמע: „מוזט אין הויז זיין!“
און זי שליסט באַלד צו די טהירען.

שריי איך, זאָגט זי: „ביזט אַ שלעכטע,
ס׳וועט קיין חתן דיך ניט נעהמען“.
כ׳ווייס ניט וואָס איך דארף אַ חתן,
סייווי וואָלט איך זיך דאָך שעהמען?

## דאָס קריגעל סמעטענע

אַ פולער קרוג מיט סמעטענע
און ס׳איז אזוי געשמאק;
נעהמט חנה׳לע אַ לעק דערפון,
און שמירט זיך איין די באַק.

זי נעהמט זיך נאָך אַ לעק דערפון,
עס איז נאָך דאָ גענוג,
בלויז נאָך אַ לעק, און נאָך אַ זופּ,
איז קענטיג שוין אין קרוג.

זי וועט ניט אויסזאָגען דער מאַ —
און זי גיט נאָך אַ לעק.
דאַן ווישט זי אָב די ליפּעלעך,
און געהט אַהיים אַוועק.

— — — — — — — — — — — — — — —

לאָזט חנה׳לע די אויגעלעך
פערשעהמטערהייט אַראָב;
זי נעהמט דאָס קריגעל סמעטענע
און גיט דער מאַמען אָב.

די מאַמע קוקט אויף חנה׳לען,
און זעהט: אין קריגעל פעהלט.
„מיין קינד, געה צו דעם קרעמער באַלד
און בעט צ ו ר י ק דאָס געלד.

„א פאלשע מאַם האָט ער געשיקט.
נו געה, מיין קינד, געשווינד;
עס טאָר אַ איד ניט אָבנאַרען
ווען ס׳קומט צו איהם אַ קינד.“

בויגט חנה׳לע איהר קעפּעלע
נאָך נידעריגער איין;
מיט טרערען אין די אויגעלעך,
מוז זי זיך מודה זיין.

„איך וועל דאָס, מאַמע, מעהר ניט טהאָן,
דו וועסט שוין זעהן אַליין“ —
האָט הנה׳לע געבעטען זיך
מיט ביטערען געוויין.

# RECESS

דורך די פענסטער פון דער שוהל,
ווינקט דער בלויער פרייער דרויסען;
גיט דער לעהרער נאָר אַ קלונג,
נעהמען זיך די קינדער שטויסען.

דורך די טהירען אויף דער גאַס,
נעהמען קינדער זיך פערזייען;
און די לופט איז אָנגעפילט,
מיט די קינדערשע געשרייען.

איינער גיט אַ וואָרף אַ באל,
לויפען אַנדערע איהם כאַפּען;
שטעהט אַ קאַן פון מילך אין גאַס,
נעהמען קינדער אויף דעם קלאפּען.

געהען מיידלעך אין אַ רייה,
איינע טראָגט מיט שטאָלץ אַ ביכעל;
לויפט אַ אינגעל דורך דורך זיי,
קייענדיג אַ פרישע קיכעל.

מיט אן עפּעל אין די ציין,
לויפט א קינד, עס זעהט זיין מאַמען;
פאר די הענד זיך האַלטענדיג,
געהען מיידעלעך צוזאמען.

שטעהט אַ קינד פערבענקט אַהיים,
דען זיין מאַמע באַקט היינט קוכען...
געהט פון קראָם ארויס אַ קינד,
נעהמט זי צוקערלעך פערזוכען.

געהט אַ מיידעלע און צעהלט,
וויפיעל נים זי האָט געקראָגען;
אז זי האָט פערנאַשט דעם סענט,
וועט זי מאַמען דאָס ניט זאָגען.

אינגלעך שרייען „דינג! דינג! דינג!"
לויפען איבער גאסען ווייטע,
ס'איז אַ גרויסער פייער דאָרט...
און זיי זיינען פייער-לייטע.

„שטעה!" גיט איינער אַ געשריי,
נעהמט זיין חבר'ים לאצען דרעהען;
גיט איהם מיט א שפּיז א שטאָך,
בויגט דער שפּיז זיך איין אין צווייען.

לאכען ביידע אינגלעך הויך,
קוקען אויף דעם שפּיז פון לעדער;
גנב'עט זיך א אינגעל דורך,
קיצעלט ער זיי מיט א פעדער.

צעהלט אַ אינגעל באָב אין מויל,
קוקענדיג אין פולען הויפען;
ס'איז די באָב אַזוי געשמאק!
אַלע מאָל וועט ער זיי קויפען.

שטעהט אַ מיידעל מיט אַ בוך,
קוקט זי אויף די שעהנע בילדער;
לויפען אינגלעך איהר פערביי,
מיט געשרייען און געפילדער.

גיט אַ קלונג דעם לעהרערס גלאָק,
נעהמען זיך די קינדער יאָגען;
און דער גרויסער טומעל ווערט,
לאנגזאם צו דער שוהל פערטראָגען.

אין דער שוהל אויף אַלע בענק,
הייבען קינדער אָן צו פלייצען;
און דער דרויסען פול מיט זון,
הייבט זיי ווידער אָן צו רייצען...

## ניטאָ ווען...

איך בין היינט געוועזן שלעכט
און מאַמע האָט מיך זעהר פיינט.
וואָלט איך וועלען שטאַרבען היינט —
זאָל די מאַמע וויסען.

כ׳וויים שוין ווי אזוי מען שטאַרבט:
מען לייגט זיך אויף דער ערד אַוועק,
מיט אַ גרויסען שווארצען דעק
דעקט מען זיך אַריבער.

וועט די מאַמע וויינען שטאַרק
ווען זי וועט זעהן, אַז איך בין טויט,
איהרע אויגען נאַס און רויט
וועלען זיין, ווי מיינע.

וועל איך ליגען שטילערהייט
און הערען אַלעמענס געוויין —
אָבער ניין! ניט איצטער, ניין!
כ׳קען נאָך איצט ניט שטאַרבען.

ס׳וועט דאָך באַלד אַ ניי-יאָהר זיין,
ווען פאַפאַ קומט אַהיים צוריק,
וועט ער ברייגגען טאָרט אַ שטיק
און עס וועט זיין פרעהליך.

נאָכדעם וועל איך שטאַרבען, יאָ...
עס וועט דאָך אָבער פורים זיין!...
פסח אויך, מיט מעד און וויין! —
כ׳האָב ניט ווען צו שטאַרבען...

## אַ פֿריהלינג טאַנץ

שווימט די זון אין בלויען הימעל,
קוקט מיט פרייד אויף אַלץ אַראָפּ:
אין דער לופט טאַנצט אום דער פריהלינג,
קושט די זון זיין גאָלדען קאָפּ.

רופט ער אלע פון די הייזער:
„ס'איז מיין יום-טוב קומט ארויס!"
און בעגעגענט מיט אַ שמייכעל,
גריסט מיט ליעבע, קליין און גרויס.

שוויבלען מענשען אין די גאַסען,
שוויבלען פארבען הער און הין,
טאַנצט דער פרהלינג מיט די ווינדען,
אין אַ שלייער העל און דין.

רופט ארויס פון שוהל די קינדער,
שענקט אויף יעדען באק אַ בלום,
און בעפליעגעלט זיי די פיסלעך,
טאַנצען זיי מיט איהם אַרום.

שליעסען הענטלעך זיך צוזאַמען,
ווערט פון קינדערלאך אַ ראָד:
כאַפּען זיי דעם פריהלינג שלייער,
דרעהען זיך אין קאַראַהאָד.

לויפען זעמדלעך זיך צוזאמען,
נעהמט דער ווינד זיי אויף צום טאַנץ;
וויעגען זיך די גרינע גראָזען,
אינ׳ם העלען זונען גלאנץ.

שפּיעלט דער ווינד דאָס ליעד פון פריהלינג,
טאַנצט די יוגענד צו צום טאַקט;
און צום שעהנעם שפּיעל פון זומער,
האָבען מיר דעם ע ר ש ט ע ן אַקט.

## קומט ארוים

מיט מיין נייע לאָפּעטקע,
גראָב איך אין מיין גאָרטען;
גראָב איך אויס אַ גריבעלע,
זוך איך בלומען דאָרטען.

קומט ארוים, איהר קווייטעלעך
קומט ארוים, איהר בלומען!
אויבען דארפט איהר וואוינען איצט,
שנייַ וועט מעהר ניט קומען.

אין אַ פינסטער שטיבעלע,
האָט איהר זיך בעהאַלטען?
כ׳האָב שוין באַלד מיין לאָפּעטקע,
גראָבענדיג צושפּאָלטען.

און איך וויים ניט וואו איהר וואוינט,
כ׳קען אייך ניט געפינען;
קומט ארוים, דער גאָרטען איז
אָנגעטהאָן אין גרינען.

כ׳מאַך פאר אייך א שטיבעלע,
אין די גרינע גראָזען;
קומט אַרוים איהר בלימעלעך
אָנגעטהאָן אין ראָזען.

# פֿריהלינג לעב

„טשי טשי!“ זינגען פֿייגעלעך,
קומענדיג צו פֿליהען;
ס׳ווערען גרין די גרעזעלעך,
בלומען נעהמען בליהען.
קענען קליינע קינדער זיך
איצטער ניט פֿערקיהלען,
לאָזט די מאַמע מיך שוין איצט
געהן אין דרויסען שפּיעלען.

כאַפּ איך זיך אין גאַס אַרויס,
נעהם איך באַלד צוזאמען
אַ קאָמאַנדע קינדערלעך;
און מיר מאַכען ימ׳ען,
פֿון די קליינע לוזשקעלעך
אויף די שמאָלע שטעגען.
ס׳האָט דער רעגען זיי געלאָזט
פֿאר די קינדערם וועגען.

אויף אַ ברעטעל-שיפּעלע,
פֿאָהר איך אויפ׳ן וואַסער;
פֿאַל איך מיט׳ן שיף אין ים,
הייב זיך אויף אַ נאַסער.
לויף איך באַלד אין הויז אַריין,
וויינען פֿאר דער מאַמען;
און די אינגלעך לאכענדיג
טאַנצען אין די ימ׳ען.

טהוט די מאַמע מיך נאָר אָן
אלדינג ריין און טרוקען,
וויל איך אויף די אינגעלעך
דורכ׳ן פענסטער קוקען.
קען איך לאַנג ניט זעהן ווי זיי
טאַנצען אין די ימ׳ען.
לויף איך באַלד אַרויס אין גאַס,
טאַנץ מיט זיי צוזאַמען.

# א זומער רייזע

מיר גרייטען זיך אין וועג

1.

סאיז שוין זומער, זאָגט די מאַמע,
מעגען טהירען אָפען זיין,
און אין דרויסען איז דאָך ווארים,
געהען מיר ארוים, אריין.
און די מאַמע נעהמט אלץ זאכען,
פּאַקט זיי אין קאַסטען איין,
און זי זאָגט, אז מיר'ן פאָהרען
אין אַ לאַנד פון זונען-שיין.
האָט זי אויפגענעהמט מיר הויזען,
איז קיין קעשענעס ניטאָ,
און איך האָב אַ שעהנע פייפעל,
וועל איך אויפהענגען אָט דאָ.
לאנג וועל איך שוין דאָ ניט שפּיעלען,
מיט דער מאַמען פאָהר איך ווייט;
מיר'ן נעהמען גוטע זאכען,
אויף אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.

## מיר פאָהרען

2.

מאַמע זאָגט: „מען דאַרף באַלד פאָהרען“,
און זי פּוצט מיך אויס גאָר שעהן,
קושען מיר זיך מיט דער באבען,
איילען זיך צום באַהן צו געהן,
טראָגט אַ רייזע-טאַש די מאַמע,
און איך געה מיר פייפענדיג.
זיינען מיר צום באַהן געקומען,
געהען מיר ארויף צום בריק.
אוי, איז דאָ אַ גרויסער טומעל:
מענשען לויפען אַזוי גיך.
— זאָג מיר, מאַמע, וואו זיי לויפען,
און פאר וואָס זיי איילען זיך?
מאַמע הערט ניט וואָס איך זאָג איהר,
איילט זי מיך, און איילט זיך אויך.
איז די באַהן שוין אָנגעקומען,
מיט א פייף און מיט אַ רויך.

## אין באַהן

3.

נעהמען זיך די מענשען שטופּען
שאָקעלט זיך דער הויכער בריק,
שרעק איך זיך אין באַהן צו פאָהרען.
— מאַמע, קום אַהיים צוריק.
האָט מען אונז אריינגעשטויסען,
מיט די מענשען דאָ אין באַהן,
האָבען מיר ניט וואו צו זיצען,
שטעלט זיך אויף פאר אונז א מאן,
זעצט זיך באלד אַוועק די מאַמע,
און זי נעהמט מיך אין איהר שויס,
לויפט די באַהן פארביי די הייזער,
און זי וויגט אונז אַלע אויס.
קוק איך מיר אין קליינעם פענסטער,
זעה איך בוימער גאָר א סך,
זעה איך דאָרט אַ קליינע הייזעל,
שטעהט אַ מאַן, און קלאפּט דעם דאַך.

4.

פאָהרען מיר אזוי און פאָהרען,
שלאָף איך איין אין מאַמע׳ס שויס,
:אָבדעם וועקט מיך אויף די מאַמע,
געהען מיר פון באַהן ארויס,
איז דאָ גאָר ניטאָ קיין הייזער,
גראָז און בוימער אומעדום.
— מאַמע, זעה, וואָסערע בלומען!
זאָל איך אָברייסען א בלום?
וואו וועלען מיר וואוינען, מאַמע?
און קיין קראם איז אויך ניטאָ,
כ׳וועל קיין שאָקאָלאַד ניט קריגען
וויל איך גאָר ניט וואוינען דאָ —
— קום, מיין קינד, — זאָגט מיר די מאַמע
און זי מאַכט צורעכט מיין הוט,
געהן מיר אין הויכע גראָזען,
רייס איך אָב אַ גרינע רוט.

5.

ס׳איז דאָ גאָר ניטאָ קײן שאָטען,
ס׳שײנט די זון דאָ אומעדום,
און דער װינד איז גאָר אַ שטאַרקער,
אַז ער װאַרפט אונז שיער ניט אום.
קוק איך און איך זעה פון װײטען,
הײזער אין אַ לאַנגע רײה,
ציה איך פאַר׳ן האַנד דער מאַמען
און מיר לױפען צו צו זײ.
— מאַמע! מאַמע! זעה צװײ הימלען,
זײנען דאָרטען אױסגעשפּרײט,
אײנער גרין מיט װײסע בערגלאַך,
אײנער איז גאָר בלױ און רױט.
בײדע נעהמען זיך צוזאַמען,
װאו די זון איז רױט, און װײט
— ענדיגט זיך די װעלט דאָרט, מאַמע?
גאָר נישט איז אױף יענער זײט?...

6.

— מאַמע, זעה! אַ הויז מיט קוימענס,
און עס געהט פון זיי אַ רויך.
וואָהנען דאָרטען מענשען, מאַמע?
און זיי האָבען, קינדער אויך?
כ'וואָלט געוואָלט די קינדער זעהען,
לאָמיר, מאַמע געהן אהין,
שעהן מוז זיין זיך דאָרט צו שפּיעלען,
אויף אַ הימעל וואָס איז גרין —
געה איך צו צום גרינעם הימעל
גיט ער זיך אַ יאָג נאָך מיר,
— מאַמע, זעה, ער וויל מיך כאַפּען,
און אַוועקנעהמען פון דיר.

כוואַליעם

7.

האָב איך פאר איהם גאָר ניט מורא,
כאַפּען וועט ער מיך שוין ניט,
גיב איך איהם אַ וואָרף אַ שטיינדעל,
און איך קוק ווי ווייט עס פליהט,
הויבט זיך אויף אַ באַרג אַ ווייסער,
און ער שלינגט באַלד איין דעם שטיין,
ווערט ער נאָכדעם שטאַרק אין כעס
און ער לאָזט זיך צו מיר געהן.
גיט ער באַלד אַ שפּריץ מיט וואַסער,
נעצט מיין נייע היטעל איין,
— ווער קען דאָס אַלץ מאַכען, מאַמע?
עמיצער מוז אונטען זיין...

## אין פעלד

אין אַ נייע, גרינע וועלט
זיינען מיר געקומען;
מאַמע זאָגט מ׳וועט וואוינען דאָ
מיט די גראָז און בלומען.

נאָהענט איז דער הימעל דאָ...
און ער געהט ארונטער,
דאָרטען, לעבען בלויען וואַלד,
וואו די זון געהט אונטער.

און עס געהט דאָ גאָט אַרום,
שפּייזט מיט טהוי די גראָזען
און אין נייע העמדעלעך
טהוט ער אָן די ראָזען.

נאָכדעם באָדט ער זיי אין זון,
וואַקסען זיי און בליהען;
זייער מאַמע איז ער דאָך,
דארף ער זיי ערציהען.

אימער איז דאָ נאָהענט גאָט...
און איך קען איהם פיהלען...
וואָלט איך אַלע מאָל געוואָלט,
דאָ אין פעלד זיך שפּיעלען...

## אין שטאָדט

אין שטאָדט איז דאָ גאַסען
מיט מענשען אַ סך,
גרויס איז דער טומעל,
מען הערט ניט גאָט'ס שפּראַך...

ניטאָ זיינע קינדער,
די בלומען און גראָז;
ווי קען ער דאָ קומען?
ער האָט ניט צו וואָס...

און צווישען די הויכע
געביידען פון שטאָדט,
בין איך אַזאַ קליינע...
ווי קען מיך זעהן גאָט?...

## ווייט פון שטאָדט

מאַמע, אַ הילצערנע
הייזעלע קויף
ארום מיט א גאניק
מיט ביימער אין הויף
און פייגעלעך קליינע
וואָס רעדען „טשי טשי״
זאָלען מיך יעדען טאָג
אויפוועקען פריה.

וועל איך אַרויסגעהן אין
זוניגען הויף;
און קוקען דורך בלעטער
צום הימעל ארויף.
די זון אַ פערפוצטע
אין רויט און אין ראָז,
וועט אויף מיר קוקען
אין דופטיגען גראָז.

זומער וועט זיין ביי אונז
שאָטענדיג קיהל;
און יעדען פארנאַכט, וועט
אונז שפּיעלען אַ גריל.
מיר וועלען זיין נאָהענט
צום הימעל, צו גאָט,
ניט ווי די מענשען וואָס
וואוינען אין שטאָדט..

## אין גאָרטען

פּאַקט מיין מאַמע איין אַ פּעקעל,
טהוט מיר אָן מיין נייען רעקעל;
געה איך מיר אין גרינעם גאָרטען,
שפּיעלען אין די גראָז.
עס איך דאָרט מיין פרישע קיכעל,
לעז די בילדער פון מיין ביכעל;
קומט אַ ווינד, און זאָגט: „גוט מאָרגען!"
מיט אַ קיהלען בלאָז.

לייג איך זיך אין גראָז אַנידער,
קומט דער ווינד און גלעט מיך ווידער;
כ'ווייס, ער וויל די בילדער לעזען,
און ער מישט זיי אויף.
באַלד פערמישט ער מיט זיין בלאָזען,
פייפט ער און ער טאַנצט מיט גראָזען;
וויל ער אויף די בוימער טאַנצען,
און ער פליהט ארויף.

קוק איך ווי ער נעהמט זיי וויגען,
איז מיר גוט אין גראָז צו ליגען;
דורך די גרינע בלעטער זעה איך,
הימעל בלוי און ראָז.
קוקט אַראָב אויף מיר דער הימעל,
וואַרפט ער אָן אויף מיר אַ דרימעל;
זינגט אַ פויגעל מיר אַ ליעדעל,
שלאָף איך איין אין גראָז.

### דער ווינד

עס בויגען זיך די בוימער,
ווען ס׳פליהט פערביי דער ווינד;
וואָס איילט אזוי דער ווינד זיך
און לויפט אזוי געשווינד?

איך וואָלט געוואָלט איהם כאַפּען,
אַ קוק טהאָן ווער ער איז:
צו איז ער בלויז אַ פּעכער,
צו גאָר אַזאַ מין ריז.

ער מוז זיין גאָר אַ גרויסער,
ווייל ער איז אומעדום;
ער קריכט אויף אַלע בוימער
און טאַנצט אויף זיי אַרום.

ווי גרויס קען זיין זיין מאַמע?
אויב ער איז אַזוי גרויס;
און וואָס דארף זי איהם לאָזען
אַליין אין גאַס ארויס?

ער איז אַגרויסער שטיפער,
ער פייפט און טומעלט שטאַרק;
ער וויל ביינאַכט ניט שלאָפען,
און לויפט ארום אין פּארק.

ווען איך וואָלט זיין זיין מאַמע,
וואָלט איך דאָס ניט געלאָזט,
ווייל אלע בוימער שרייען,
ווען ער לויפט אום און בלאָזט.

גאָט׳ס דרויסען

מיין מאַמע דערקענט, ווען
דער וועטער איז שלעכט;
און לאָזט מיר אין דרויסען ניט שפּיעלען.
זי זאָגט: אַז אין רעגען,
אין ווינד און אין קעלט;
קען מען זיך דרויסען פערקיהלען.

די בוימער אין דרויסען
פערקיהלען זיך ניט,
זיי קריגען נאָך גרינערע בלעטער;
און איך האָב ליעב זעהן, ווי
דער ווינד טאַנצט אין גאַס;
כ׳זעה ניט קיין מיאוסען וועטער.

איך מיין, אַז אין דרויסען
וואוינט גאָט אַלע מאָל,
טאָ וואו קען זיין בעסער צו שפּיעלען?
איך וויל, אַז דער רעגען
זאָל גיסען אויף מיר,
וועל איך גאָט׳ס האַנד אויף זיך פיהלען...

## ביים ים

מאַמע באָדט זיך דאָרט אין ים,
שפּיעלען מיר ביים ברעג;
יאגט דער ים זיך נאָך נאָך אונז,
און ער לויפט אַוועק.

זיצען מיר אין זאמד אזוי,
מאַכען מיר אַ הויז;
שלמה מאַכט אַן אייוועלע,
באַק איך חלה אויס.

נאָכדעם ברייננגט ער שיסעלעך,
שטעל איך קאָכען פיש;
געהט ער באַלד אין שול אַוועק,
און איך גרייט צום טיש.

אָבגעדאווענט האָט ער שוין,
קומט ער באַלד צוריק;
זעצען מיר זיך, און ער מאַכט
קידוש זינגענדיג.

עסען מיר די חלה׳לעך,
און די גוטע פיש;
קומט צו לויפען באַלד דער ים,
און צוברעכט דעם טיש.

כאַפּען מיר זיך ביידע אויף,
און מיר לויפען גיך;
נעהמט דער ים דאָס גאַנצע הויז,
שלעפּט אַוועק צו זיך.

אַלדינג שלעפּט דער ים אַריין,
אין זיין גרויסען בויך;
פרעסט אונז אויף דעם שבת, און
בייזערט זיך נאָך אויך.

זאָג איך: „שלמה, קום אַוועק!
זעהסט? ער וויל אונז אויך!"
לויפען מיר אוועק פון איהם,
שפּרינגט ער אין דער הויך.

מיינסט דו וועסט אונז כאַפּען, ים?
קענסט ניט לויפען מעהר.
עמיין מוז דיך צוהאַלטען...
נאָר איך וויים ניט ווער...

## שרייבענדיג אין זאַמד

איך קען שוין שרייבען און לעזען,
כ׳בין שוין אין שוהל היינט געוועזען;
כ׳האָב דאָרט געזעהן שעהנע זאכען,
כ׳קען דאָס אין זאַמד באַלד אויסמאַכען.
איך קען שוין אויפשרייבען דריידלעך,
פּונקט ווי די גאָר גרויסע מיידלעך;
שטעקעלעך שרייבט זיך מיר גרינגער,
ב׳גיב בלויז איין שרייב מיט׳ן פינגער
ווערט באַלד אַ שטעקעלע פארטיג;
מאַמעלע זאָגט: „ס׳איז גרויסארטיג!"
פּונקט אַזוי שרייבט פּאַפּאַ ביכער,
נאָר מיט טינט, שרייבט זיך איהם גיכער.

איך געה אין שוהל און איך לערען,
איך אויך אַ שרייבערען ווערען:
וועל איך אַ מעשה׳לע מאַכען,
פול מיט גאָר פרעהליכע זאכען.
ס׳וועט זיין מיט קינדער וואָס פליהען,
און מיט אַ באָבע אין ציון.
וועט מען דאָרט פאָהרען צו באבען,
און פון די גערטנער אויסגראבען
חלה׳לעך ברוין און געראטהען;
קיכלעך מיט מאַנדלען בעשאָטען.
וועט מען דאָרט זיצען אין גאָרטען,
עסען, און שפּיעלען זיך דאָרטען.

אין פאַפּאַס מעשה׳לעך זיינען,
דאָ אַ סך זונען וואָס שיינען;
זוניגע טעכטער און בלומען,
פריהלינגס וואָס דארפען ערשט קומען.
שטאַרבען די זוניגע טעכטער,
איז דאָרט דער סוף גאָר א שלעכטער.
איך וועל א מעשה׳לע שרייבען,
וועט עס אויף אַלע מאָל בלייבען;
ס׳וועט זיין מיט בילדער און פארבען,
קיינער וועט דאָרטען ניט שטאַרבען.
שרייב איך אין זאמד איצט אַ דריידעל,
ביז איך וועל זיין אַ גרוים מיידעל...

## ביים טייכעלע

אין פּארק ביים קלאָרען טייכעלע
וואו ס׳קוקט די זון אַריין,
דאָרט פּלושקענען זיך קינדערלעך,
און באָדען זיך אין שיין.

און יאסעלע א רונדיגער
מיט באַקען ראָזיג פריש,
פערקוקט זיך אויפ׳ן וואַסערעל
און טראכט פון כאַפּען פיש.

דערזעהט ער דאָרט זיין פּנים׳ל
און בויגט זיך עטוואָס איין,
קומט אָן דער שרעק פון טייכעלע
און ציהט דאָס קינד אריין.

דערזעהען דאָס די קינדערלעך
און מאַכען אַ געשריי,
און ס׳שוויבעלט ביי דעם טייכעלע
מיט מענשען אלערליי.

ווארפט איינער זיך אין וואַסער באַלד
און כאַפּט ארויס געשווינד,
אַן אויסגעווייקטען יאָסעלען
אַ קאַלטען בלויען קינד.

ער עפּענט אויף די אויגעלעך
און קוקט צושראָקען שטום,
„ער לעבט!“ דערפרעהען אַלע זיך
און רינגלען איהם אַרום.

„וואו וואוינסטו ערגעץ אינגעלע?“
פרעגט איינער ביי דעם קינד.
„איך וואוין ביי מאַמען“, ענטפערט ער,
„און כ׳וויל אַהיים געשווינד“.

באַלד שטופּט זיך דורך אַ אינגעלע
וואָס איז פערשמירט מיט ליים,
און ער ווייזט ווי אזוי צו געהן
צו יאָסעלען אַהיים.

די חבר׳טע

צו א טייכעלע אַ קליינס,
נעבען אונזער הויז;
גיה איך מיט מיין ליאלקעלע,
אַלע טאָג אַרויס.
האָב איך דאָרט אַ חבר׳טע,
און איך שפּיעל מיט איהר;
אינ׳ם טייכעל וואוינט זי דאָרט,
אין אַ גרינעם קיהלען אָרט;
ווי זי זעהט מיך קומט זי באַלד
אָן אַקעגען מיר.

וואָס פּאר שעהנע קליידעלעך,
מאַמע טהוט מיר אָן;
זעה איך אַז מיין חבר׳טע,
איז אויך אָנגעטהאָן.
מיט די צאַצקעס וואָס איך ברענג,
קען זי שפּיעלען זיך;
און איך זעה ווי יעדעם מאָל
ווען איך גיב אַ וואָרף מיין באל,
שטרעקט זי אויס די הענטעלעך
און זי כאַפּט ווי איך.

ווייל איך וויסען ווער זי איז
און איך פרעג ביי איהר,
מאַכט זי מיט די ליפּעלעך
און זי לאכט צו מיר.
ריידען קען זי ניט ווי איך
שאָקעלט זי איהר קאָפּ,
בוימער האָט זי דאָרטען אויך,
און אַ הימעל אין דער הויך;
אָבער אַלץ איז דאָרט פערקערט
מיט׳ן קאָפּ אראָב...

## צווישען בלומען אויף אַ בלום

שטעהען בוימער אין אַ רייה,
קוקט דער מאָרגען דורך, דורך זיי;

וועקט די פויגעל אויפ׳ן בוים,
און די ציעגעלעך ביי׳ן צוים.

גיט אַ קרעה דער שטאָלצער האָהן,
פאלט אַ ציעג אַריין אין טאָן;

שרייט אַ פויגעל: טשיר, טשיר, טשיר!
העי! איהר׳ט זינגען גאַר אָהן מיר?"

קלינגט דאָס מאָרגען-ליעד אין פעלד
און בעזינגט די גרינע וועלט;

טאַנצט אַ שמעטערלינג: האָפּ! האָפּ! —
נויגט אַ בלום צו איהם דעם קאָפּ.

שטעהט אַ הייזעלע פון האָלץ,
קוקט פון פעלד אַראָב מיט שטאָלץ;

רינגלען בלומען איהר ארום,
און אין א י ה ר וואקסט אויף אַ בלום...

כאפּט די בלום אין הויז זיך אויף,
און זי געהט ארויס אין הויף;

לויפען היהנדעלעך צו איהר:
„קוואַ! קוואַ! עסען ווילען מיר!“

און די בלומען מיט אַ וואונק
בעטען זיך ביי איהר א טרונק;

טראָגט זי וואַסער באַלד ארויס,
גיסט עס אויף די בלומען אויס.

טרינקען זיי און דאנקען שטום,
בעטען: „קלייב דיר אויס אַ בלום.“

געהט זי איז׳ם פעלד ארום,
צווישען בלומען אויך אַ בלום...

## פּורים

אויפגעשטאַנען, אָבגעוואַשען,
אויסגעפּוצט זיך שעהן;
גרייט איך אָן מיין נייען גראַגער,
גלייך אין שוהל צו געהן.

דאָרטען לייענט די מגלה,
אַזאַ הויכער מאַן;
ווי איך הער איהם המן זאָגען,
מאַך איך: גראַן, גראַן, גראַן!

אין מגלה איינגעוויקעלט
זיינען המן׳ס פּיעל;
קען איך מיט מיין גראַגער גראַנגלען,
ווי פּיעל נאָר איך וויל.

פּורים דארף איך ניט ווי אימער,
זיצען שטילערהייד;
דען מיין גראַגער דארף פערטומלען,
המן׳ס בייזע רייד...

אַז מען קומט אַהיים צו מאַמען,
איז דער טיש געגרייט;
און די קרעפּלעך אין די טעלערס,
ווינקען שטילערהייד.

המנ׳טאַשען מיט דריי שפּיצען,
בעטען: „גיב אַ ביס!
מאָהן מיט צוקער, גוט צושטויסען,
אוי, ס׳איז פעט און זיס.“

נאָכ'ן עסען שלח-מנות,
שיקט מען אונז אַריין;
פּוטער קיכלעך, רונדע טאָרטען,
פלעשער פול מיט וויין.

און צו מיר קומט צוקער-צאַצקעס,
מענשלעך אַלערליי;
וועגעלעך וואָס קענען לויפען
אַז מען גיט אַ דרעה.

האָב איך דאָך אַזוי פיעל שפיעלצייג,
שיק איך זיי צוריק;
משה'ן שיק איך צוקער פערדלעך,
רחל'ן טאָרט אַ שטיק.

זיינען מיר מיט דעם פערנומען,
איילען זיך אָהן שיער;
מאַמע שפּיעלט אין שלח-מנות,
פונקט אַזוי ווי מיר...

נאָכדעם האָבען מיר א סעודה,
עסט מען און מען טרינקט;
קומען אָן די פּורים-שפּיעלער,
און דער קעניג זינגט.

אָט אַזוי, איז ביי אונז פרעהליך,
ביז גאָר שפעט ביינאַכט;
איך זאָל קענען, וואָלט איך פּורים,
אַלע טאָג געמאַכט...

## פ ס ח

1.

מאַמע פוצט אויס
אויף פסח דאָס הויז;
די כלים די אלטע
טראָגט זי ארויס.
ניי בלאנקע כלים
טראָגט זי אַריין,
וועט אונזער דירה
אַ פּאַלאַץ גאָר זיין...

וועסט אַליין זעהן,
ביי אונז וועט זיין שעהן.
אליהו הנביא
וועט קומען צו געהן,
בענשען אונז אַלע,
טרינקען דעם וויין;
אין אונזער פּאַלאַץ
זיין ברכה וועט זיין...

2.

אַז מע׳איז גוט,
ווייסט וואָס ער טהוט?
ער נעהמט ארויס שטראהלען
פון אונטער זיין הוט.
דערמיט ווייזט ער קינדער
צום הימעל דעם וועג,
פון וואַנעט עס קומען
די נעכט און די טעג...

אַז עס ווערט שפעט,
ציהט מיך צום בעט,
און שלאָפענדיג הער איך
אַ שטימע וואָס רעדט:
„אליהו הנביא
שוועבט אום אויף דער וועלט,
און בענשט גוטע קינדער
מיט וואָס זיי געפעלט...

## אַ היים

דורך די וויסטע פעלדער...
מיט די בערג פֿון ליים,
געהען מיר צו מאַמעס
יום-טובֿ׳דיגע היים...
מאַמע וועט אונז בענטשען
ביים געדעקטען טיש...
אַלעס וועט דאָרט שמעקען
יום-טובֿ׳דיג און פריש...

דער טאַטע איז אַ קעניג...
און פרינצען זיינען מיר,
זיין טראָהן איז וויים און פּוכיג...
זיין צעפּטער פון פּאַפּיר...
פערפּוצט איז אונזער פּאַלאַץ
מיט שויבען פון סאַפּיר,
מיט געלע זאַמד די דילען,
מזוזות אויפ׳ן טהיר...

## אַ סדר חלום

ווי עס קומט צום סדר,
שלאָף איך אימער איין;
און איך קען ניט זעהען
ווי עס קומט אַריין,
אליהו הנביא
אויסטרינקען דעם וויין.

ווי ניט איינצושלאָפען,
האָב איך אַלץ געטראַכט;
ביז די אויגען מיינע,
האָבען זיך פערמאַכט;
און אַ שעהנעם חלום
האָט מיר גאָט געבראַכט;

ס'איז די זון געקומען,
פריהער פאר דער צייט;
און די נאַכט פערטריבען
ערגעץ זעהר ווייט;
און איך האָב דערזעהען
ווי משיח רייט...

שפּיעלט מען אין די גאַסען,
פרעהליכע מוזיק;
שפּרינגען קליינע קינדער,
אויף אַ שטראהלען שטריק:
און משיח פיהרט אונז
אויף אַ נייע בריק.

אליהו הנביא,
מיט'ן כוס אין האַנד:
פיהרט די קליינע קינדער,
צו דעם שעהנעם לאַנד,
וואו עס שטעהט זיין פּאַלאַץ
ביי דעם ירדן-ראַנד.

## מעד

רויטען מעד אַ פולען קעסעל,
האָט די מאַמע אויסגעבראַיט;
האָט זי עס אַרויף געטראָגען
אויפ׳ן בוידעם אָן אַ זייט.

„שוין, די מעד אינגאַנצען פארטיג!"
האָט די מאַמע זיך געפרעהט.
האָב איך ליעב געהאַט דעם בוידעם,
דאָרטען וואו דער קעסעל שטעהט...

פלעג איך אַלע טאָג ארויפגעהן,
און זיך אָנזופען מיט מעד;
כ׳האָב עס ניט געוואָלט, מען טהאָר ניט!
האָט געשטויסען מיך אַ שד...

שדים קענען זיך בעהאַלטען,
קענען אינגלעך זיי ניט זעהן...
וואָס זיי ווילען מוז מען פאָלגען,
וואו זיי שיקען מוז מען געהן...

ערב פסח, האָט די מאַמע
גרינע פלאשען אָנגעגרייט;
און געגאַנגען אויפ׳ן בוידעם,
דאָרטען וואו דער קעסעל שטעהט.

האָב איך זיך אין שראַנק בעהאַלטען,
דורך אַ שפּאַרע אַלץ געזעהן;
מאַמע איז אראָבגעקומען,
מיט׳ן קעסעל, טרוקען ביין...

האָט זי זיך אַזוי געבייזערט,
און זי איז געווען גערעכט;
איך האָב זיך געשטיקט אין שאַפע,
ווייל איך בין געוועזען שלעכט.

איך וועל אויסזאָגען דער מאַמען,
זאָל זי הרג׳ענען דעם שד!...
ס׳איז געווען פערשטערט דער פּסח,
פאַ האָט ניט געהאַט קיין מעד...

## יום כפּור

יום כפּור וויינט די מאַמע
פּינקט אַזוי ווי איך ;
פאר וואָס דארף זי דאָס וויינען
און רעדען שטיל צו זיך ?

מסתמא איז איהר טאַטע,
גאָט, ביי אונז אין הויז
און מאַמע בעט ביי איהם איצט
אַ גוטען יאָהר זיך אויס.

עס בוקען זיך די פלאַמען
פון דער מאַמע׳ס ליכט,
זיי זעהען אויך אודאי
גאָט׳ס היילּיגען געזיכט.

די מאַמע זעהט איהם זיכער,
כ׳וויים נאָך איהר געוויין,
איך זעה איהם ניט, מסתמא
ווייל איך בין נאָך צו קליין.

נאָר וואָס דארף מאַמע בעטען
מיט אַזאַ געוויין ?
זי האָט דאָך מיך געלערנט,
אַז וויינען איז ניט שעהן...

## לייכטער

1.

מאַמעס לייכטער זיינען בלאַנק,
שטעל איך זיי אויס אויף דער באַנק,
קען איך שפּיעלען מיט זיי לאַנג,
און אַ מאַמע קען איך זיין: —
מיינע קינדער ווערען זיי —
אַז די קעפּלעך טהוט זיי וועה,
זינג איך ליעדער אַלערליי.
הערען זיי און שלאָפען איין.

2.

קליינע מיידעלעך ווי איך,
מיט די לייכטער שפּיעלען זיך,
לעבען אויווען דאָרט, אין קיך,
אויף דער נידעריגער באַנק;
אָבער גרויסע, דאַרפען דאָך,
ווען עס געהט אַוועק די וואָך,
נעהמען זאַמד מיט עפּעס נאָך,
און די לייכטער מאַכען בלאַנק.

3.

אַז מען איז ווי מאַמע גרויס,
קען מען אַלצדינג טהאָן אין הויז:
קאָכט מען רויטען צימעס אויס,
זיס, מיט ראָזשינקעס געדיכט.
און מען קאָכט אויף שבת פיש.
גרייט מען נאָכדעם פיין צום טיש,
שמעקט די חלה אַזוי פריש,
און אין לייכטער בענטשט מען ליכט...

## אַ קינדער הימנע

מיט הערצעלעך פול פריהלינג פרייד,
בעגריסען מיר די גרויסע שוהל;
די וועלט וואָס איז אַ וואונדער בלויז
מיט אַזוי פיעל שעהנקייט פול.
אַ וואונדער גרויס,
אַ וואונדער בלויז;
מיט אַזוי פיעל שעהנהייט פול.

אין אונזערע נשמה׳לעך,
צווינגט זיך הויך די יוגענד פרייד,
די האַנד פון גאָט זי פיהרט אונז אום,
שטיל און ניט געזעהנערהייד.
אָהן ווערטער שטום,
פיהרט אונז גאָט אום;
שטיל און ניט געזעהנערהייד.

אייך טאַטעס שיקען מיר א לויב,
איהר ווייזט דעם וועג אונז דורך דער צייט..
און אייער שליחות טראָגען מיר,
צו דער ווייטער אייביגקייט...
מיר טראָגען ווייט,
דורך רוים און צייט,
שליחות צו דער אייביגקייט...

## שפּיעל און פאַנטאַזיע



## ווען קינדערלעך פערטראַכטען זיך

## ליעבע פון קינדערלעך



## קינדערשע פערלאַנגען



## שטיפערישע קינדערלעך

## זומער פרייד



## יום טובים געזאַנגען